


# הומאָריסטישע ביבליאָטעק

## № 1.




אויסגאַבע „אחים", ווילנא.

1912.

# א מאמע.

## פון ארקאדי אווערטשענקא.

I

. אַזוי ווי מיר זענען געווען נאָר דריי מענ־שען: איך, מיין ווייב און די דינסט, און אַ זומער־וואָהנונג האָט מיין ווייב גענומען אַ גרויסען, איז איין צימער — אַ קליינער, אַ ווינקעלדיגער — גע־בליבען ביי אונז לעדיג.

איך האָב אַפּילו געוואָלט צונעהמען דאָס צי־מער פאַר אַ קאַבינעט, נאָר דאָס ווייב האָט ניט דער־לאָזען:

— צו וואָס דאַרפסטו עס? זומער־צייט אַר־בייטסטו כמעט נישט, שרייבסט גאָר נישט, און טאָמער דאַרפסטו אָנשרייבען אַ בריוועל, אַ טעלעגראַ־מע, אַ נאָטיץ — איז פאַרהאַן דאָס שלאָף־צימער.

פאַר וואָס זאָלען מיר לאָזען אַ צימער פוס־טעווען?

— וואָס עפּעס פוסטעווען? מיר וועלען עס פערדינגגען.

— וועמען? — האָב איך אונרוהיג געפרעגט— אַ פרוי? וועט זיך אָנהויבען אַ סדרה, מיט קאַפּרי־זען, מיט וואַשעניש, מיט פרעסעניש... אַ מאַנסביל? וועט ער דאָך נעהמען „אוחאַזשעווען“ נאָך דיר... און דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב פיינט די קונצען...

— געה שוין געה, נאַרעלע! ניט קיין מאַנס־ביל, ניט קיין פרוי וועט ניט דינגגען אַזאַ שטיי־

געל. מיר וועלען אַריינגעהמען צו אונז אַ יונגעלע אָדער אַ מיידעלע. איך האָב אַזוי ליעב קליינע קינ־דער.

ביידע האָבען מיר שוין לאַנג געטרוימט וועגען אַ קינד. נאָר, אויף־צו־להכעיס, איז ביי ביי אונז קיין קינד ניט געבוירען געוואָרען.

דעריבער האָבען מיר געלעבט בעשיידען און פריידליך, נאָר ווען־ניט־ווען פלעגט אונז בעפאַלען אַ בענקשאַפט, זעהענדיג ווי ערגיץ אַ ניאַניע שלעפּט אַ וועגעלע, אין וועלכען עס זיצט אַ קליינס מיט רויטע בעקעלאַך.

אָ, קליינע קינדער! איהר שענע בלומען, בעפוצען פאַר די גליקליכע דעם שווערען וועג פון ביטערען לעבען... פאַרוואָס זיט איהר אַזוי קאַפּ־ריזנע, דאָס איינעם ברענגט איהר פערגעניגען, דעם צווייטען מיידט איהר אוים?

— ביזט גערעכט, מיין טהייערע! — זאָג איך צו מיין ווייב — זאָל עס זיין ניט אונזער קינד, וועט עס דאָך אַריינברענגען אויף עטליכע חדשים שענקייט אין אונזער איינזאַמען לעבען.

דעמזעלביגען טאָג בין איך געפאָהרען אין שטאָדט און געגעבען אַנ'אַנאָנס אין אַ ציטונג:

„אַ יונגע קינדערלאָזע פאָר־פּאָרק האָט וואוינט אויף אַ דאַטשע אין אַ שענער געזונדער געגענד, האָט אַ איבעריגען צימער צו פערדינגען פאַר אַ יונ־געל אָדער אַ מיידעל, וועלכע האָבען ניט די מעגליכ־קייט צו זיין אויף דאַטשע מיט עלטערען. די בע־דינגונגען: 30 רובל אויף אַלעם פּאַרטיגען. ליעב־ליכע בעהאַנדלונג, גוטער אומגאַנג, געשמאַקע שפּייז. די אַדרעסע...“

אין דריי טעג אַרום בעקום איך אַ ענטפער:
„געעהרטע הערען! איך אַיל זיך אָבצורופען אויף אַ יעדער ליעבענסווירדיגען אַנאָנס, פיליילט וואָלט איהר נעהמען צו זיך מיין פאַוליק'ן, וועלכער האָט נעבעך היי־יאָהר ניט די מעגליכקייט צו געניסען פרישע לופט, ווייל צוליעב געשעפט מוז איך בלייבען אַ גאַנץ זומער אין שטאָדט. און דאָס קינד נויטיגט זיך אַזוי אין פרישע לופט. דאָס איז אַ יונגעלע אַ גאָלד, אַ בריליאַנט, איהר וועט פון איהם קיין צער ניט האָבען. איך האָף, אַז איהר וועט איהם האַלטען ווי אַ אייגען קינד. — אַכטונגספאָל ה' זאַווידאָנסקאַ.

דעמזועלבען טאָג האָב איך טעלעגראַפירט:
„איינשטימיג. שיקט אָדער ברענגט דעם ליעבען פאַוליק. מיר ערוואַרטען".

---

II

אַ גאַנצען פריהמאָרגען האָבען מיר פערבראַכט אין אַרבייט, אום איינצוריכטען פאַר דעם קליינעם נעם גאַסט זיין צימערל. געקויפט אַ בעטעלע, געשטעלט ביים פענסטער אַ טישעלע, אויפגעהאַנגען אויף די וועגד צאַצקעס, אויסגעלעגט אויפ'ן פאָדלאָגע אַ דיוואַן — און דאָס צימערל האָט אויסגעזעהן ווי אַ ליאַלקע.

צו מיטאָג איז געקומען אַ טעלעגראַמע:
„קומט היינט זיבען פאַרנאַכט. בעטע ער, אַליין ניט מיטגעפאָהרען. ניאַניע פאָהרט. אויב ביינאַכט שלאָפט ניט רוהיג — פון ציינער. זאַווידאָנסקאַ".

איבערגעלעזען די טעלעגראַמע ווערט מיר זויער אויפ'ן האַרצען.

— נאַ דיר אַנ'עסק!... וואָס הייסט — פֿון ציהנער? אויב ס'איז אַ ילד, וואָס ס'שנײדט זיך איהם ערשט צייהנדליך, איז מיר גוט... וועט ער שוין אָבּגעוואַלדעווען אַ גאַנצע נאַכט. ס'אַראַ נאַ־רישקייט, וואָס איך האָב אין דער אַנאָנס ניט אָנ־געוויזען דאָס עלטער פֿון קינד. איך האָב געמיינט-- אַ יונגעל פֿון 8—10 יאָהר, אָבער ניט קיין קליי־נעם שרייער...

— אָט זעהסטו מיט דיין שכל! — האָט מיר דאָס ווייב אויפֿגעוואָרפֿען — געקויפֿט אַ בעט פֿון צוויי אַרשין די לענג. ווי וועסטו איהם לעגען? דאָס קינד וועט דאָך אַרויספֿאַלען...

— דאָס איז בלאָטע! — מאַך איך -- מען קאָן איהם צובינדען מיט שטריק צום בעט. נאָר וואָס טהוט מען, אויב דער קליינער טייפֿעל וועט שריי־ען ביי־נאַכט און ניט לאָזען צומאַכען מיט אַנ'־אויג.

דאָס ווייב האָט אויף מיר געוואָרפֿען אַ ביי־זען בליק.

— אַ מענש אָהן אַ האַריץ! שרעק זיך ניט... ווען דאָס קינד וועט נעהמען וויינען — וועל איך איהם איינשטילען. איך וועל איהם צוטוליען צו מיין ברוסט און וועל איהם שטיל־שטיל פֿאַרוויעגען...

אַ טרעהר האָט זיך בעוויזען אין מיין ווייב'ס אויגען. איך האָב צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און בין אַרויס אָהן ווערטער.

זיבען אַ זייגער האָבען מיר אָנגעזאָגט די דינסט, זי זאָל אָנוואַרימען מילך, און אַוועק צו דער סטאַנציע.

דער צוג איז אָנגעקומען מיט אַ גערויש און אַ געפּילדער. די סטאַנציע איז געווען אַ קליינינקע

און פֿון די וואַגאָנען זענען אַרויס ווייניג פּאַסאַזשי־רען: אַ גלח, אַ מעדעל מיט אַ טשעמאָדאַן, עפּעס אַ בחור מיט אַ רויטען קאַרק און מיט אַ בערישען גאַנג, און אַ אַלטע פּויערטע מיט אַ שטייגעל, אין וועל־כער עס האָט געשפּרונגען אַ קאַנאַריקעל.

— וואו זשע איז פּאַווליק? — האָט מיין ווייב פערוואונדערט געפרעגט, ווען דער צוג האָט אַ פּייף געטהאָן און איז אַוועקגעפֿלויגען ווייטער — הייסט עס, אַז ער איז ניט געקומען צופֿאָהרען?... המ... און די ניאַנקע איז אויך ניטאָ.

— אפשר איז דאָס מעדעל מיט'ן טשעמאָ־דאַן די ניאַנקע? — האָב איך געפּרובט אַ זאָג טהאָן.

— וואָס רעדסטו נאַרישקייט!? טאָ וואו איז פּאַווליק?

— אפשר... האָט זי... אין... טשעמאָדאַן? רעד ניט קיין נאַרישקייט. וואָס איז עס, אַ קעצעל, וואָס וועגען ליעגען אין אַ טשעמאָדאַן?

די גראָבע פּויערטע מיט'ן קאַנאַריקעל, אַרומ־קוקענדיג זיך, איז צו אונז צוגעגאַנגען און גע־פרעגט:

— איהר וואַרט עס אויף פּאַווליק'ן?

— יע, יע, — האָט מיין ווייב שנעל אונטער־געחאַפּט — וואָס איז דען? דאָס קינד איז קראַנק געוואָרען?

— אָט איז ער דאָך!

— וואו?

— אָט, אָט! פּאַווליק, קום אַהער, זאָג גוּ־טען־אָוונד די הערען.

דער בחור מיט'ן רויטען קאַרק האָט זיך אומ־געדרעהט, צוגעגאַנגען צו אונז מיט פֿוילע טריט,

אויסגעשפּיט פֿון מויל אַ גרויסען פּאַפּיראָז און מיט אַ גראָבען הייזעריגען קול אַ זאָג געטהאָן:

— טנאָוועגד! די מאַמע לאָזט אײַך גריסען. מיין ווייב איז בלאַס געוואָרען. איך האָב מיט אַ בייזע מינע אַ פֿרעג געטהאָן:

— זייט איהר דאָס... פּאַוליק?

— אַ? איך. איהר האָט מורא פֿאַר געלד? איך האָב געבראַכט פּאַראויס פֿאַר אַ גאַנצען חודש. די מאַמע האָט מיר געגעבען דרייסיג רובל. נאָר צוויי רובל פֿעהלט. איך האָב ביים בופֿעט עפּעס צוגעביסען און געקויפֿט פּאַפּיראָסלעך... חע־חע.

איך האָב אָבגערופֿען די אַלטע פּויערטע אָן אַ זייט און שטרענג אַ פֿרעג געטהאָן אין דער שטיל:

— ניאַנקע, וואָס איז עס פֿאַר אַנ׳אָנשיקעניש? דאָס איז אַ קליין קינד? מיט אַזאַ קינד וואָלט איך מורא האָבען צו טרעפֿען זיך אין אַ וואַלד...

די אַלטע האָט געמאַכט אַ רחמנות פּנים און געענטפֿערט:

— וואָס רעדט איהר? דאָס איז דאָך גאָר אַ יונג קינד... אַ קינדערלע...

— וואָס איז אַלט דאָס קינד?

— ניינצעהן יעהרעלאַך געזונטינקע...

— וואָס־זשע האָט די מוטער געשריבען, אַז ער ליידט פֿון צייהנער? איך האָב געמיינט, אַז איהם שניידט זיך ערשט צייהנדלאַך.

— זאָלט איהר געזונד זיין! ער האָט שוין ברוך־השם אַלע צייהנדעלאַך אין מויל — האָט מיך די ניאַניע בערוהיגט.

— נו, פּאַוליק, זיי געזונד! — האָט זיך די אַלטע געאיילט צו זעגענען און צו קושען זיך מיט

דעם „קינד“, ווייל דער צונג איהרער האָט שוין גע־
דאַרפט אָבגעהן — פיהר זיך אויף אָ־ענטליך און
עס ניט אָב דאָס האַרץ... גוט אַכטונג, בעל־הבית׳טע,
דאָס קינד זאָל ניט אַרויס פון שטוב מיט אַ הוילען
האַלז. ס׳איז אַפילו זומער, נאָר מען קען זיך לייכט
צוקיהלען... זייט געזונד!...

———

III

זאַלבעדריט — מיין ווייב, איך און אונזער
זער קעסט־קינד, האָבען זיך געלאָזט געהן אָהן ווער־
טער צו דער דאַטשע.

אויפ׳ן וועג האָט זיך פּאַוליק צורעדט.

— פיש איז דאָ פאַרהאַן אין טייכעל?

— איהר האָט ליעב דען פיש חאַפּען? — האָב
איך געפרעגט.

פּאַווליק האָט אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכ־
טער.

— איך האָב ליעב צו חאַפּען געפּרעגעלטע!
פון טייך זאָלען חאַפּען אַנדערע.

אָבגעהענדיג נאָך אַ שטיקעל וועג, האָט פּאַוו־
ליק ווידער גענומען פרעגען:

— אַ וואַלד איז דאָ פאַרהאַן? און שוועמ־
לעך?

— וואָס איז, איהר ווילט געהן קלייבען?

— ווער, איך? זאָלען בעסער געהן אין וואַלד
די מיידלאַך און איך — נאָך זיי... חאַ־חאַ!...

און ווידער אַ געלעכטער.

קומענדיג אַהיים, זענען מיר אַריין אין גאָר־
טען, און דאָ האָט זיך מיין ווייב צעוויינט:

— וואָס איז עס פֿאַר אַן׳אָנשיקעניש!

— אַהאַ! — האָב איך איהר געזאָגט מיט כעס — דיינע פּלאַנען! אַ קינדערלע האָט זיך דיר געוואָלט?... אויף דיין ברוסט האָסטו געוואָלט איהם וויעגען, ווען ער וועט וויינען?... נאַ דיר... גאָה וויעג איהם...

אָבער וואו וועלען מיר איהם אַהין טהאָן? — האָט מיין פּראַקטישע ווייב גענומען רעדען, ווי־שענדיג די טרעהרען — אויף דער בעטעל וועט ער ניט קאָנען לעגען זיך, אַפּילו ווען דו זאָלסט איהם אויפלעגען אין צווייען...

— אַ ברירה האָב א ך, איך וועל מוזען אָוועקגע־בען מיין בעט, און אַליין שלאָפֿען אויפ׳ן פּאָד־לאָגע.

— און וואָס טהו איך מיט דער קליינער קאָלד־רעלע?

— גיעב עס דעם „קינד" אָנשטאָט אַ נאָז־טי־כעל, און אויף צודעקען זיך גיעב איהם דעם די־וואַן. נישקשה... ער וועט ניט פּגר׳ן.

אין גאָרטען איז אַריין די דיענסט.

— אָנגעזאַרעמט די מלך.

— דאַנק — זאָג איך — דו וועסט געבען צו אָווענד־ברויט אַ ביסעל קאָניאַק.

ביים אָפּענעם פֿענסטער האָט זיך בעוויזען פּאַווליק.

— אַי גוט, קאָניאַק! איהר דאָך אַ קאָפּ, ווי איך זעה. און קאָטלעטען וועט זיין?

— זיין.

— און פֿיש וועט זיין?

— זיין.

— אַי גוט! הייסט עס, ווע‏לען מיר היינט מאַכען אַ גוטען שנעפּסעל לכבוד די ערשטע בע־קאַנטשאַפט.

— טרינקט אַז איהר ווילט — האָט מיין ווייב ברוגז אַ זאָג געטהאָן — מיין מאַן וועל איך ניט ערלויבען.

------

IV

אויפ'ן צווייטען טאָג איז געקומען אַ בריעף פון פּאַווליק'ס מוטער:

„ליעבע פריינד! איך בעט צו שרייבען מיר, וואָס מאַכט דאָס קינד. איך בין זעהר אונרוהיג, (ער איז ביי מיר אַ בן יחיד) נאָר קומען קאָן איך ניט דערווייל. ווי איז ביי איהם דער אַפּעטיט? ער איז אַ שעמעוודיגער און האָט מורא פאַר פרעמדע, איבערהויפּט מאַנכבילען. מיט פרויען פיהלט ער זיך היימישער, ווייל ער האָט (אַ יתום, נעבעך) זיך גע־האָדעוועט אין אַ געזעלשאַפט פון ווייבער. גיעט אַכ־טונג אויף איהם, ער זאָל זיך ניט צוקיהלען. קינ־דער קענען דאָך אַזוי צאַרט, אַז ווי נאָר אַ ווינטעל, חאַפּען זיי אַ פערקיהלונג. טרינקט דאָס קינד מילך?

מיט אַכטונג, א. זאַווידאָנסקאַ“.

נאָך אין דעמזעלבען אָווענד האָב איך זיך איבערציינגט, אַז דאָס קינד איז טאַקע היימישער מיט פרויען... איך בין אַריין אין קיך און דער־זעהן, ווי פּאַווליק האַלט אויף די קניה אונזער דיענסט־מיידעל און קושט איהר אָהן אַנ'אויפהער, און יענע קוויטשעט און לאַכט.

— וואָס איז עס דאָ? — האָב איך מיט כעס גענומען שרייען — פּאַווליק! אַרויס פון דאַנען.

דאָס קינד האָט אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען און האָט זיך צעלאַכט:

אַזוי גאָר!... חאָ־חאָ! ווער זאָל זיך עס ריכ־טען?

— וואָס ריכטען?

— אַז איהר זענט אייפּערזיכטיג...

— אַרויס! דיין פּוס זאָל מעהר ניט זיין אין קיך.

אין אָווענד האָב איך געשריבען אַ בריעף צו זיין מוטער:

„אייער פּאַווליק איז געזונד, נאָר ער איז או־מעטיג. ער בענקט אַהיים. מיר האָבען ניט געוואוסט, אַז ער איז אַ פּיצעל־קינד. אפשר איז אַ סב״א, איהר זאָלט איהם אָבנעהמען? דאָס געלד וועלען מיר אייך אָבגעבען. בפרט אַז דאָס קינד טרינקט ניט קיין מילך, נאָר קאָניאַק. און דער אַפּעטיט איז ביי איהם אויך שוואַך... פאַר דעם גאַנצען טאָג האָט ער נעכ־טען אויפגעגעסען סך־הכל איין גענזיל, צוויי גע־בראָטענע ענדעקעס און אַ קליינינקע פּעסעלע או־גערקעס. פאָלגט מיר, נעהמט דאָס קינד אַהיים".

פּאַווליק'ס מוטער האָט געענטפערט מיט אַ טע־לעגראַמע:

„ניט שוין־זשע איז אייך שווער צו האַלטען דאָס קינד ביז סוף חודש? זייט איהר מיר עפּעס ניט צופרידען. אַ וואונדער... און אַז דאָס קינד איז אַ ביסעל שעמעוודיג, איז וואָס? זאָל ער זיין ביי אייך".

איך בין אַריין צום „שעמעוודיגען קינד" און איהם געפונען ביי אַ פלעשעל קאָניאַק, וואָס ער האָט אַרויסגעגנב'עט פון בופעט.

— פּאַווליק — זאָג איך — אַ גרוס צו דיר פון דער מאַמען.

— פון וועלכער מאַמען?

— וואָס הייסט? פון דיי מאַמען.

— זאָל זי געהן צו אַלידי רוחות.

— פאַרוואָס קומט עס איהר?

— פאַר דעם, וואָס זי איז אַ בהמה! נעהמט און פאַרשיקט מיך ערגיץ אין די הרי-חשך. קיין מייד-לאַך איז ניטאָ, אַפילו דאָס דינסט-מיידעל טאָר מען דאָ ניט טשעפען... איך געה אוים פון אומעטיג-קייט. ווייסט איהר גאָר וואָס? לאָמיר טרינקען „לחיים", ברודערשאַפט... זאָל עס געהן צום טייפעל!...

איך האָב אַ ווײלע אַ טראַכט געטהאָן, דער-נאָך מאַך איך:

— גוט, פּאַווליק. מיר וועלען מאַכען אַ רעכטען שנעפּסעל. באַלד ברענג איך נאָך קאָניאַק.

איך האָב טאַקע געבראַכט נאָך אַ פלעשעל.

— פּאַווליק, אַ גרויסע גלאָז קאָניאַק וועסטו קאָנען אויסטרינקען?

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

— גיעט נאָר!

ער האָט ווירקליך אויסגעטרונקען איין גלאָז נאָכדעם אַ צווייטע, נאָכהער אַ דריטע, ביז ער איז געפאַלען פון די פיס און איז אַנטשלאָפען געוואָ-רען.

———————

איך בין אַרויף אויפ'ן בוידעם, אַראָבגענומען אַ גרויסע קאָרב פון וועש, אַיינגעוויקעלט דאָס שלאָ-פעדיגע קינד אין אַ לייליאַך און פערפּאַקט איהם אין קאָרב.

אויפ'ן קאָפּ האָב איך איהם אָנגעקלעפּט אַ צעטעלע:

„גוטע מענשען! האָט רחמנות אויף אַ קליין קינד. גאָט וועט אײַך בעצאָהלען. דאָס קינד הייסט פּאַווליק".

יעצט ליעגט דער אונגליקליכער ערגייץ אין אַ לעדיגען פּראַכט-וואַגאָן און פאָהרט ווייט-ווייט, ערגיץ צו דרום זייט.

אַבי יתומים! היט דאָס קליינע קינד!..



# מיין זייגערל.

(אַ קליינע געשיכטע מיט אַ גרויסען מוסר)

פון מארק טוועןָ.

אָנדערטהאַלבען יאָהר נאָכאַנאַנד איז מיין קליי־נער שעָנער זייגערל געגאַנגען אויסגעצייכענט, ניט געשפעטיגט זיך און ניט געלאָפען. עס האָט זיך איהם קיין זאַך ניט צעבראָכען און ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָבגעשטעלט. איך בין געוואָרען אַזוי איינגעטרויט אין מיין זייגערל, אַז איך האָב גע־האַלטען, דאָס נור ער אַליין ווייזט די ריכטיגע צייט. און געגלויבט האָב איך, אַז ער וועט שטענדיג זיין געזונד און שטאַרק.

ויהי היום, האָב איך איהם פערגעסען אָנ־צוציהען אין אָוענד. איז מיר געוואָרען אומעטיג, עפּיס האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן. נאָר ביסלעכווייז האָב איך פער־טריבען די מרה־שחורה, אָנגעשטעלט מיין זייגערל על־פּי השערה און געלאַכט פון מיין אַבערגלױ־בען.

אויף מאָרגען געה איך אַרויס אין גאַס און געה אַריין אין אַ קראָם פון אַ זייגערמאַכער, אום אָנצושטעלען ריכטיג מיין זייגערל.

דער ווירטה פון קראָם, דער זייגערמאַכער, האָט ביי מיר פון האַנד אַרויסגענומען דעם זייגערל און גענומען אַליין איהם אָנשטעלען. דאַן מאַכט ער:

— אייער זייגערל שפּעטיגט זיך אין פיער

מינוט — מען מוז אַ ביסעלע אַרוק־טהאָן דעם רע־גולאַטאָר.

איך האָב געוואָלט איהם אָבהאַלטען. איך וואָלט איהם געננומען ערקלעהרען, אַז מיין זייגערל געהט אויסגעצייכענט גוט. אָבער דאָס האָט גאָר ניט געהאָלפען. דער דאָזיגער פערדישער מוח האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז מען מוז דעם רעגולאַטאָר אָבּ־רוקען אַ ביסעל, ווייל דער זייגערל שפּעטיגט זיך אין פיער מינוט.

און דער מייסטער האָט גענומען אַרבייטען. איך האָב אַרום איהם אַרומגעטאַנצט און זיך געבעטען ביי איהם ווי ביי אַ גזלן: „לאָזט צורוה מיין זייגערל“, נאָר ער האָט מיך ניט געהערט און גע־טהאָן זיין זאַך.

מיין זייגערל האָט גענומען לויפען. וואָס אַ טאָג אַלץ מעהר און מעהר. די ערשטע וואָך האָט איהם געכאַפּט אַ שטאַרקער פיבער, און זיין פולס האָט זיך געהויבען ביז הונדערט און פופציג...

אין אַ משך פון צוויי מאָנאַטען האָט מיין זייגערל איבערגעיאָגט העט העט אַלע זייגערס פון שטאָדט. ער איז אַוועקגעלאָפען מיט דרייצעהן טעג פאָרויס דעם לוח. ביי איהם איז שוין געווען חשוון־צייט מיט דעם שנעע, אין דרויסען האָבען נאָך גע־בלאָזען די הערבסט־ווינטען.

צוליעב די אַיילעניש פון מיין זייגערל האָט זיך שנעל אָנגערוקט דער טערמין פון בעצאָהלען דירה־געלד, און נאָך און נאָך צאָהלונגען זענען גע־קומען פאַר דער צייט. קורץ, איך ווער בדלות, און איך קאָן שוין מעהר ניט אויסהאַלטען.

האָב איך מיין זייגערל אַוועקגעטראָגען צו אַ

זײגערמאַכער, ער זאָל איהם רעגולירען. פֿרעגט ער מיך, צו װיל איך איהם ניט רעפּאַרירען. ענטפֿער איך: „נײן, נײן, מײן זײגערל נױטהיגט זיך ניט אין קײן שום רעפּאַרירונג“. דער מײסטער האָט אויף מיר אַ קוק געטהאָן מיט אַ בײזען שמײכעל, אויף גיך געעפֿענט דעם זײגערל, אַנגעטהאָן אויפ'ן אויג אַ קלײנע שפּאַקטיװע און אַרײנגעקוקט אין די מאַשינעריע.

מאַכט ער צו מיר: מען דאַרף דעם זײגערל רײניגען, דערנאָך אויסשמירען און אויסערדעם רע־גולירען — זאָל איך קומען אין אַ װאָך אַרום, װעט זײן פֿאַרטיג.

נאָכדעם װי מײן זײגערל איז געװאָרען גע־רײניגט און געשמירט און רעגולירט האָט ער גע־נומען גהען אַזוי לאַנגזאַם און שװאַך, װי נאָך אַ שװערע קראַנקהײט. איך האָב אָנגעהויבען צו פֿאַר־שפּעטיגען די באַהן־צוגען, קומען ניט צו דער צײט אין געשעפֿט און פֿערזאַמען שטענדיג דעם מיטאָג־עסען. מײן זײגערל האָט געמאַכט פֿון דרײ טעג פֿעטער און גלאָװען פּראָטעסט גהען מיגע װעקסלען.

איך בין אַלץ װײטער און װײטער געגאַנגען צוריק צו די נעכטיגע טעג, נאָכדעם צו די פֿערגאַנגענע װאָכען. און ביסלעכװײז האָט זיך מיר געגומען דאַכ־טען, אַז איך בין געבליבען בלאָנדזשען אײנער אַלײן אין דער פֿערגאַנגענער װאָך און די גאַנצע װעלט איז מיר ערגיץ אַװעק פֿון די אויגען.

קײן אַנדער ברירה ניטאָ, גהע איך װידער צו אַ זײגערמאַכער.

שטעה איך געבען איהם און װאַרט, און ער

נעהמט פֿאַנאַנדער אין גאַנצען דעם זייגערל, פּאָ־רעט זיך און זאָגט צו מיר:

— דער צילינדער איז „געשוואָלען“.

און ער נעהמט זיך אונטער אין דריי טעג „אויסצוקורירען“ מיין קראַנקען זייגערל.

נאָך דער דאָזיגער אָפּעראַציע איז מיין זיי־גערל געגאַנגען „דורכשניטליך“ גוט, אָבער טויגען האָט ער ניט געטויגט. אַ האַלבען טאָג פֿלעגט ער געהן, אָבער ניט ווי אַ געוועהנליכער זייגער, נאָר ער פֿלעגט עפּעס ווי בילען, הוסטען, ניעסען, שנאָר־כען, אַזוי אַז איך האָב ניט געקאָנט אויסהאַלטען. אין אַ מדינה וועט איהר ניט געפֿינען נאָך אַזאַ מין זייגער מיט אַזעלכע טענער.

אין דעם ערשטען האַלבען טאָג פֿלעגט מיין זייגערל געהן געשווינדער פֿון אַלע זייגערס, נאָר דעם אַנדער האַלבען טאָג פֿלעגט ער געהן פּאַמע־ליך. און אַלע זייגערס פֿלעגען איהם דאַן אָניאָגען, דער סוף איז געווען, אַז דורכ'ן מעת־לעת פֿלעגט זיך מיין זייגערל „אויסגלייכען“ מיט אַלע זיי־זייגערס. קאָנט איהר האָבען צו איהם טענות?

נאָר אַ זייגער איז בעשאַפֿען געוואָרען צו ווי־זען די ריכטיגע צייט אַ גאַנצען טאָג, און ס'איז נאָך ווענינ, וואָס ער געהט „דורכשניטליך“ גוט. אַלזאָ געה איך נאָך אַמאָל צו אַ זייגערמאַכער.

דאָ האָט מיר דער מייסטער געזאָגט, אַז די „פֿעדער“ איז צעבראָכען. „איך בין צופֿרידען, זאָג איך, וואָס ניט ערגער“. דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך קיין אַהנונג ניט, וואָס איז אַזוינס די „פֿעדער“ אין אַ זייגער, נאָר פֿאַר אַ פֿרעמדען מענשען וועל איך דאָך ניט געהן אַרויסווייזען מיין אונוויסענהייט.

קצור הדבֿר, ער האָט שױן ברוך־השם פֿאַר־ריכֿט די „פֿעדער“. נאָר װאָס העלפֿט עס, אַז אין אײן אָרט איז מײן זײגערל פֿאַרריכֿט געװאָרען, און אין דעם צװײטען אָרט האָט מען איהם קאַליע גע־מאַכֿט. אַ װײלע געהט ער און שטעלט זיך אָב, און געהט װידער אַ װײלע און שטעלט זיך װײטער אָב. װען צו געהן און װען צו שטעהן פֿרעגט ער ניט בײ קײנעם. דאָס איז זײן זאַך. און אַז ער נעהמט געהן, גיעט עס אַ קלאַפּ װי פֿון אַ ביקס.

װאָס זאָל מען טהון, געה איך װידער צו אַ זײגערמאַכֿער.

דער דאָזיגער מאַן האָט צענומען דעם זײ־גערל אויף קלײנע שטיקעלאַך, אַרומגעדרעהט די ברעקלאַך יעדע בעזונדער אונטער זײן גלאָז און דאַן האָט ער אַרױסגעזאָגט זײן מײנונג, אַז דער „שטעכֿער“ איז קאַליע.

ער האָט פֿאַרריכֿט און דער זײגערל געהט שױן מיט מזל װײטער. און געהט גאָר ניט שלעכֿט, נאָר װאָס דען? אַלע צעהן מינוט פֿערטשעפּעט זיך די װײזערס און מאַרשירען צוזאַמען. און דער גרעס־טער קאָפּ־מענש אין דער װעלט װעט ניט דערגעהן בײ מײן זײגערל, װען איז אָנהױב און װען איז סוף פֿון טאָג.

מוז איך װידער אַמאָל געהן רעפּאַרירען מײן זײגערל.

דער נײער זײגערמאַכֿער האָט מיר געגעבען צו פֿערשטעהן, אַז ערגיץ־װאו איז צובױגען און און די קײטעלע האָט זיך פֿערדרעהט און חוץ־דעם איז עפּעס צוקלאַפּט.

קורץ און גוט, ער האָט אַלץ פֿעררירכֿט, און

מיין זייגערל געהט גאָר נישקשה. האָט ער אָבער בעקומען אַ טבֿע, אַז ווי ער מאַטערט זיך אָב אַכט שעה, ווערט ער היציג און נעהמט זשומען ווי אַ ביהן און די ווייזערס הויבען אָן אַרומצוטאַנצען איבער׳ן ציפערבלאַט, אַזוי ווי שדים. אי וועקס אָדער זיבען מינוט לויפען זיי אָב די גאַנצע פיער־און־צוואַנציג שעה, און נאָכדעם נעהמען זיי רוהען.

מיט אַ שווער געמיט בין איך אַוועק צו אַ זייגערמאַכער, און איך האָב צוגעקוקט, ווי ער האָט פאַנאַנדערגענומען מיין זייגערל. דאַן האָט ער מיר געקומען אויף אַ שטרענגען פע־הער, איך זאָל איהם דערצעהלען אַלץ, וואָס ס׳האָט פאַסירט מיט מיין זייגערל.

די זאַך איז געוואָרען ערנסט. מיין זייגערל האָט מיר געקאָסט אַ נייער צווייהונדערט דאָלאַר, און רעפאַרירען איהם האָט שוין מיר געקאָסט פון צוויי ביז דריי טויזענד דאָלאַר.

שטעהענדיג און וואַרטענדיג, האָב איך דער־קענט מיין זייגערמאַכער. ס׳איז מיינער אַן׳אַלטער בעקאַנטער, געווען איז ער אַמאָל אַ מאַשיניסט ביי אַ דאַמפף־שיף, און יענע אַרבייט האָט ער אויך ווע־ניג געוואוסט.

דאָ זיצט ער און בעטראַכט די געוועהר פון זייגערל, פונקט ווי ס׳האָבען געטאָן אַלע אַנדערע זייגער־מאַכער. ענדליך האָט ער מיט דער זעלבער זי־כערקייט אַרויסגעזאָגט זיין אורטייל:

— אייער זייגערל לאָזט צו פיעל פאַרע, און איהר מוזט אָבהאַלטען די רעדלעך מיט די שרייפע־לאַך!

איך האָב איהם דערלאַנגט אַזאַ קלאַפּ איבער זײַן קאָפּ, אַז ער איז גלײַך געפאַלען טױט.

*

מײַן פעטער װילהעלם (אַ ליבטיגען גן־עדן זאָל ער האָבען) פלעגט זאָגען:

— אַ גוטער פערד פאָהרט אַזױ לאַנג גוט, ביז ס'קומען די גנבים, און אַ גוטער זײגער גײט אַזױ לאַנג גוט, ביז ס'קומען די פאַררילטער...



# פּראָטעקציע.

(אַ פּעטערבורגער בילדעל)

פון אָ. ל. ד'אָר.

אַ יונגער מאַן אין אַ אױסגעריבענעם רעקעל, מיט אַ בלאַסען אױסגעמוטשעטען פּנים, האָט מיר דערלאַנגט אַ בריעף.

— פון אַלעקסאַנדראָװ'ן! — האָט ער אַ זאָג געטהאָן מיט אַ בעשײדענעם שמײכעל.

— אַזױ פון אַלעקסאַנדראָװ'ן?! זעהר אַנגענעהם. זעצט זיך...

מיט אַלעקסאַנדראָװ'ן דעם אַרטיסט, װאָס איז

וועהר בעריהמט, בין איך שוין שענע עטליכע יאָהר נאָהנט בעפריינדעט, און איך האָב ווירקליך, פון טיעפען הארצען זיך דערפרעהט מיט זיינעם א בריעף

נערוועז האָב איך אז פ.ע..יסען דעם קאָנווע.ט און דורכגעלעזען:

„מיין ליעבער! איך רעקאָמענדיר דיר זעהר דעם איבערגעבער פון מיין בריעף. דאָס איז א טאלאנט-פולער פאָעט, שרייבט אויסגעצייכענט פעליעטאָנען און לייטארטיקלען; ער ווייסט גוט בוכהאלטעריע; שפיעלט ניט שלעכט פיעדעל, זוך פאר איהם אויס ערגעץ א שטעלע. דו האָסט דאָך פיעל בעקאנט-שאפט אין דער צייטונגס-וועלט און אויך צווישען ארטיסטען און זאָגאר ביי די נגידים. איך בין זי-כער, אז דו וועסט עס טהאָן צוליעב מיר... א הערצ-ליכען גרוס, אלעקסאנדראָוו“.

אין דער צייט, וואָס איך האָב געלעזען דעם בריעף, איז דער יונגער-מאן געזעסען בעשיידען אנט-קעגען מיר און געשמייכעלט.

— איהר זייט שוין לאנג בעקאנט מיט אלעק-סאנדראָוו'ן? — האָב איך געפרעגט.

— מיט אלעקסאנדראָוו'ן?...

דער יונגער-מאן איז רויט געוואָרען ביז אי-בער די אויערן.

— ניט לאנג... ערשט נעכטען זיך בע-קאנט...

— קאָן דאָס זיין? ער שרייבט דאָך וועגען איך, אזוי ווי ער וואָלט איך קענען פון קינדהייט אָן... ווער-זשע האָט איך בעקאנט געמאכט?

דער יונגער-מאן האָט אראָבגעלאָזען די אויגען ווי א שולדיגער.

— דאָס איז אַ גאַנצע געשיכטע... אפשר האָט איהר אַ פּאַפּיראָס?

— ביטע, מיט פערגעניגען.

דער יונגער־מאַן האָט צוגערוקט צו זיך מיין פּאָרטסיגאַר און אייניגע סעקונדען געקליבען אַ פּאַפּיראָס, הגם אַלע זענען געווען אַלץ־איינס און עהנליך איינער צום אַנדערען. ווי... אַ פּאַפּיראָס צו אַ פּאַפּיראָס.

— אויב איהר ווילט, וועל איך אייך דערצעהלען פון אָנהויב אָן.

— ביטע.

דער יונגערמאַן האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס, פאַרצויגען מיט גרויס הנאה און גענומען דערצעהלען:

„... געקומען בין איך אַהער פאַר צוויי וואָכען און געבראַכט מיט זיך אַ רעקאָמענדאַציע צו אַ לאַנדסמאַן פון זיינעם אַ נאָהענטען פריינד.

„דער לאַנדסמאַן האָט מיך אויפגענומען זעהר פריינדליך. געגעבען אַ גלאָז טהעע, מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס און געזאָגט:

— איך בין אַ קליין מענטשעלע. מ'שטיינס געזאָגט, אַ מעקלער אויף דער בערזשע. וואָס זשע קאָן איך טהאָן פאַר אייך? איך וועל אייך געבען אַ בריעף צו מיינעם אַ בעקאַנטען — צו אַ געהילף־פּריסטאַוו. ער האָט דורך מיר אַמאָל געקויפט ווערטה־פּאַפּירען און פערדיענט פון זיי עטליכע טויזענד. וועט ער צוליעב מיר אייך טהאָן אַ טובה.

„מיין לאַנדסמאַן האָט אָנגעשריבען וועגען מיר זעהר אַ וואַרימען בריעף. און ווען דער געהילף־פּריסטאַוו האָט איהם דורכגעלעזען, מאַכט ער:

— אַ, אַ, זעהר צופרידען! ליידער...

„דער געהילף־פּריסטאַוו האָט פאַרקנייטשט דעם שטערען.

— ליידער איז ביי אונז אומעטום פּאַרנו־מען... בנאמנות, איך וויים ניט, וואָס קאָן איך עפּעס צוטראַכטען. איבעריגענס...

„דער פּנים פון געהילף־פּריסטאַוו האָט גע־נומען שיינען.

— איבעריגענס, קאָן איך אייך געבען אַ בריעף, צו אַנטאָנאָוו'ן... ער איז אַ דירעקטאָר פון אַ טהע־אַטער. ביי איהם וועט זיך, וואַהרשיינליך, געפי־נען אַנ'אָרט, און פאַר מיר וועט ער אַלץ טהאָן...

דער דירעקטאָר פון טהעאַטער האָט מיך גאַנץ פיין אויפגענומען, נאָר ער האָט טיעף בעדויערט:

— פאַר דעם געהילף־פּריסטאַוו וואָלט איך אַלץ געטהאָן, נאָר זאָל איך אַזוי ניט וויסען פון קיין שלעכטס, ווי איך וויים ניט, וואָס פאַר אַ טובה... סיידען...

„אַנטאָנאָוו האָט מיט אַמאָל פרעהליך אויס־געשריען:

— איהר ווייסט וואָס? איך וועל אייך געבען אַ בריעף צו אונזער פּרימאַדאָנאַ, עלווירע אַלבער־טאָווגאַ. אין איהר איז פאַרליעבט דער באַנקיר אַר־חיפּלוטאָוו. ס'איז אַ גאָלדענער געדאַנק! פאַר מיר וועט די פּרימאַדאָנאַ אַלץ טהאָן.

„די פּרימאַדאָנאַ האָט מיך אויפגענומען זעהר פריינדליך, מכבד געווען מיט טהעע, געגעבען אַ פּאַפּיראָס און זאָגאַר געגלעט איבער מיין קאָפּ און זיך געוואונדערט, וואָס מיין פּנים איז אַזוי יונג און מיינע האָאָר אַזוי גראָה... דערנאָך האָט זי

מיר גענומען אויספֿרעגען, פֿון וואַנען איך בין און
ווער זענען מיינע קרובֿים... ענדליך האָט זי אָנגע-
שריבען אַ וואַרעמען בריעף, און איבערגעבענדיג מיר
דעם בריעף, האָט זי מיט זיכערקייט געזאָגט:

— ער וועט אייך געבען אַ שטעלע. זייט
רוהיג!

„אָנפאַנגס האָט דער באַנקיר מיך אויפגענו-
מען ניט איבעריג פֿריינדליך, גאָר איבערלעזענדיג דעם
בריעף פֿון דער פּרימאַדאָנאַ, האָט ער מיך אַרומגע-
נומען און אַוועקגעזעצט אַנטקעגען זיך און פֿאַר-
געלעגט אַ פּאַפּיראָס.

— איך וואָלט זעהר וועלען אייך געבען אַ
שטעלע! זעהר וואָלט איך וועלען! — האָט דער
באַנקיר עטליכע מאָל איבערגערעדט — ליידער איז
ביי מיר פֿול-איבער-פֿול. וואָס טהוט מען מיט אייך?
איך הויב ניט אָן צו וויסען.

„איך האָב זיך שוין אויפגעהויבען און גע-
וואָלט אַוועקגעהן, נאָר דער באַנקיר האָט מיך גע-
חאַפּט ביים האַנד, אַזוי ווי מיט שרעק:

— שטעהט, וואַרט! איך טאָר אייך ניט לאָזען.
איך מוז צוליעב מיין עלווירען עפּעס טהאָן פֿאַר
אייך... שאַ! גוט וואָס איך האָב זיך דערמאָנט!
איך וועל אייך געבען אַ בריעף צו ראַטמיראָוו'ן, ער
איז אַ טהעאַטער-דירעקטאָר, אַ מענש מיט אַ גרוי-
סע בעקאַנטשאַפֿט...

„ראַטמיראָוו האָט מיך גאַנץ פֿיין אויפגענו-
מען. מכבד געווען מיט טהעע און מיט אַ פּאַפּיראָס.

— ס'וואָלט זיך וועלען אייך העלפֿען! איך
זעה דאָך, איהר האָט אַזאַ רעקאָמענדאַציע. פֿון אַר-
חיפּלוטאָוו'ן! אַ קלייניגקייט, ער פֿערמאָגט דאָך הע-

כער פון פינף מיליאָן... נאָר וואָס קאָן איך טהאָן פאַר אײַך?...

„ער האָט גענומען רייבען דעם שטערען און ענדליך האָט ער פּרעהליך אויסגעשריען:

— איך וועל אײַך געבען אַ בריעף צו אַלעקסאַנדראָוו'ן. ער איז דאָ יעצט אין פעטערבורג און פאַר מיר וועט ער אַלץ טהאָן.

„אַלעקסאַנדראָוו האָט מיך אויך אויפגענומען גאַנץ פיין, אויך מכבד געווען מיט טהעע און מיט אַ פאַפּיראָס, אויך בעדויערט וואָס ער האָט פאַר מיר קיין שטעלע ניט, און צום סוף זיך דערמאָנט און געגעבען מיר אַ בריעף צו אַײך".

— אָרעמער יונגערמאַן! — האָט זיך ביי מיר פון הארצען אַרויסגעריסען, אויסהערענדיג ביז'ן סוף די טרויעריגע געשיכטע.

מיר איז געווען ווירקליך אַ רחמנות אויף דעם עלענדען יונגען-מאַן אין דעם אויסגעריבענעם רעקעל. „מען מוז איהם העלפען" — האָב איך אין געדאַנקען ביי זיך בעשלאָסען.

— איהר שרייבט שירים? — פרעג איך איהם.

דער יונגער-מאַן האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

— איך שרייב שוואַך. דאָס האָט דער הערר אַלעקסאַנדראָוו פון זיך צוגעגעבען, כדי אײַך צו פעראינטערעסירען. נאָר בוכאַלטעריע קאָן איך טאַקע גוט.

— דאָס איז גוט! איך האָב אַ בעקאַנטען קאָמערסאַנט... איך וועל אײַך געבען צו איהם אַ בריעף...

דער יונגערמאַן האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען.

— איהר האָט אַ טעות — האָב איך זיך צע־היצט — מיין בריעף וועט אייך בריינגען נוצען, ניט ווי יענע פּוסטע רעקאָמענדאַציעס... איך וועל שרייבען צו אַ בעשייןענעם עהרליכען מענשען, וואָס האָט אַ גוט האַרץ און פיהלט מיט... קורץ, איהר וועט זעהן...

איך האָב אָנגעשריבען אַ בריעף, אַ וואַרעמען, אַ רידהרענדען.

— נאַט האָב איך דערלאַנגט דעם יונגען־מאַן אַ פערמאַכטען קאָנווערט — געהט נאָך היינט. איך בין...

נאָר אין דערזועלבער סעקונדע האָט דער יונ־גער מאַן געחאַפּט מיט'ן אויג דעם אַדרעס און אויף זיינע ליפּען האָט זיך אויסגעדריקט אַ איראָנישער שמייכעל.

— איהר קענט דעם אַדרעסאַט? — האָב איך אַ פרעג געטהאָן.

— יע... דאָס איז דאָך מיין לאַנדסמאַן... דער זעלביגער בירזשע־מעקלער, צו וועמען איך האָב גע־בראַכט דעם ערשטען בריעף...

אַ היבשע ווילע זענען מיר ביידע געזעסען מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען... מיר האָבען מורא גע־האַט אַ קוק צו טהאָן איינער אויף דעם צווייטען...



# ווער איז ער?

פון פ. וועבער.

ער איז צו מיר צוגעגאַנגען אויפ'ן גאַס, אויסגעשטרעקט די האַנד:

— שלום עליכם! וואָס מאַכט איהר?

טראַכט איך: „אַ בעקאַנטער פנים. וואו האָב איך זיך מיט דעם מענשען געטראָפען?“ — און דערווייל דריק איך יענעמס האַנד:

— דאַנק פיר פרעגען. און ווי געהט עס אייך?

— עט, אַליין איינס ווי פריהער... נו, ווי זייט איהר צופרידען מיט אייער נייעם געשעפט?

איך שטרענג אָן מיין זכרון צו דערמאָהנען זיך וואו האָב איך דעם מענשען געזעהן, מיט אַ חדשים זעקס צוריק... יע, אַזוי מוז עס זיין... און אפשר פאַראַיאָהרען. אָבער דאָס איז געוויס, אַז מיר פלעגען זיך אָפט טרעפען... נאָכדעם האָב איך איהם פערלאָרען... נאָר ווער איז ער?... פאַר קיין פאַל קאָן איך זיך ניט דערמאָהנען... איך וואָלט חאָטש וויסען זיין פאַמיליע... אַז מען דערמאָהנט זיך אַ נאָמען, דערגעהט מען שוין דעם מענשען... און דערווייל ענטפער איך איהם:

— ניט צו פערזינדיגען.

— נו, און ווי געהט עס דאָס צוקער־געשעפט? לעצטענס, אַז איך האָב זיך מיט אייך געזעהן, האָט איהר געהאַט עגמת־נפש...

הייסט עס, אַז דער מענש איז קלאָר אין מיין גרויסען צוקער־געשעפט? נו, אויב אַזוי, דאַרף איך

איהם גוט קענען, אָדער ער קען מיך גוט. נאָר ווער איז ער פּאָרט? פּאַר וואָס קאָן איך זיך ניט דערמאָהנען זיין פאַמיליע? און דער שמועס גערהט דערוויל ווייטער:

— דאָס געשעפט איז אַוועק גוט. יעצט בין איך דער הויפּט־שותף.

— אַזוי? טהוט מיר הנאה. דער הערר ווייזען האָט עס מיר דערצעהלט. אייער באָבּע וועט ווערען אַלייט.

הייסט עס, איז דער מענש בעפריינדעט מיט מיין שותף וואַזען און קאָן מיין זוהן באָבּע, זעהט מען דאָך, אַז דאָס איז אַהיימישער מענש, וואָס וויס אַלץ. עס טרעפט, אַז איהר בעגעגענט זיך מיט אַמענשען זעלטען, און דאָך פּערטרויט איהר איהם אַלסדינג... אָבער ווער איז פּאָרט דער דאָזיגער מענש? זאָל זיין־וואָס עס וויל זיך, איך וועל איהם פּשוט פרעגען, ווי הייסט ער. אָבער דער מענש האָט ווידער גענומען רעדען:

— אַ, ענטשולדיגט, וואָס איך בין ניט געווען ביי אייך אויפ'ן באַל, הגם אייער איינלאַדונג האָב איך בעקומען. די סיבה דערפון איז, וואָס איך בין דאַן ניט געווען היע. מען זאָגט, אַז דער באַל אייערער האָט זיך זעהר איינגעגעבען.

— יע, טאַקע איינגעגעבען.

נו, זאָגט אַליין, ווי פרעגט מען אַפאַמיליע ביי אַמענשען, וועלכען איהר האָט איינגעלאַדען אויף אַבאַל? ס'איז דאָך אַבזיון. איך וועל בעסער אַפרעג טהאָן זיין אַדרעס, אפשר וועל איך דורך דעם דערוויסען זיך, ווער ער איז.

— איהר וואוינט נאָך אַלץ דאָרטען?

— ניין, איך האָב זיך איבערגעקליבען. מעהר האָב איך שוין ניט געקאָנט בלייבען דאָרטען.

אַ שענע געשיכטע! היינט גיה דערגעה אַ טאָלק. אַ! איך וועל פּרובען אַ פרעג טהאָן, וואו ער וואוינט איצט — וועט ער מיר געבען זיין וויזיט־קאַרטע, וועל איך דערווייל איבערלעזען זיין פאַמיליע־נאָמען.

— וואו־זשע איז איצט אַייער דירה?

— ליידער האָב איך בּיי זיך ניט קיין וויזיט־קאַרטע. נאַט אַ בלייפעדער, פערצייכענט: פּאַסאַזש זשאָפּרואַ...

ניט אויסגעפיהרט מיט מיין ערשטען איינפאַל, פּרוב איך זיך אַ צווייטען:

— פאַר וואָס קומט איהר ניט אַריין צו אונז, הערר?...

איך שטעל זיך אָב אויפ'ן וואָרט „הערר" און אויף מיין פּנים אַ פראַגע־צייכען.

— ווייל איהר האָט מיך ניט אַיינגעלאַדען.

אַזוי די מעשה! איז עס, ווייזט אויס, ניט אַזאַ היימישער מענש, אַז איך לאַד איהם ניט אַיין צו מיטאָג. האָב איך אַ טעות געהאַט. דאַרף מען זיך אַרויסדרעהען.

— יע, דאָס איז פּשוט אַ מיספערשטענדניס; קומט... לאָמיר זאָגען זונטאָג.

— איך וואָלט זעהר גערן אָנגענומען אַייער אַיינלאַדונג, נאָר איך קאָן ניט לאָזען דאָס ווייב אַליין אין שטוב.

— קומט מיט אַייער פרוי.

אַי, וואָס האָב איך דאָ געטהאָן! ווער ווייסט,

וואָס פֿאַר אַ פּרוי דאָס איז?! טאָמער נעהמט מען איהר גאָר ניט אויף אין געזעלשאַפֿט.

— איך דאַנק אייך פֿאַר אייער פֿריינדליכקייט, נאָר ליידער איז עס אונמעגליך...

יע, דאָס איז עס! זיין ווייב איז — אָהן חופּה וקדושין! אָי, וואָס פֿאַר אַ נאַרישקייט פֿון מיין זייט!

— ...אין איהר יעצטיגער לאַגע...

ניין, אַ טעות, ער מוז טאַקי האָבען אַ ווייב כּדין וכדת.

— ...און אויסער דעם, לייטישע מיילער...

אַך, צו אַלדי שוואַרץ יאָהר! ס'איז פֿאָרט ניט קיין ווייב! אַי, אָ ווער פֿון מיינע בעקאַנטע לעבט מיט אַ פּרוי אָהן חופּה וקדושין?

דער מענש זאָגט ענדליך:

— קורץ... איך וועל זונטאָג זיין בּיי אייך אַליין.

פֿערפֿאַלען! איינגעלאַדען איז איינגעלאַדען! דאַרף מען חאָטש דערגעהן, מיט וואָס בעשעפֿטיגט זיך דיעזער מאַן?

— נו, ווי געהט עס אייך? זייט איהר צופֿרי-דען מיט אייערע געשעפֿטען?

— ווי זאָל איך אייך זאָגען? איך פֿיהל זיך ניט גוט, זינט ס'האָט מיר געטראָפֿען דאָס אונגליק...

איך קוק זיך צו צו איהם... ווייזט אויס, טרויער... ער געהט געקליידעט פֿון קאָפּ בּיז די פֿיס אין שוואַרצען.

— יעצט בּין איך אָהן אַ שטעלע. און גע-פֿינען אַ שטעלע נאָך דעם קלאַפּ וואָס מיר האָט גע-טראָפֿען איז גאַנץ שווער.

אַך, צום טייפעל! וואָס פאַר אַנ'אונגליק האָט דאָס איהם געטראָפען!? נאָר יעדענפאַלס מאַך איך אַ טרויעריגען פּנים און זאָג ניט דרייסט:

— נו, וואָס זאָל מען טהאָן, אַ מענש דאַרף אַלץ איבערטראָגען...

— פערשטעהט איהר מיך, ס'איז ניט אַזוי די צרה, וואָס איך בין דריי מאָנאַטען אָבגעזעסען אין טורמע, ווי דאָס פערברעכען... פאַר וואָס איך בין געזעסען. מען האָט דאָך מיך בעשטראָפט פאַר פאַלשע וועקסלען...

אָי, איך וועל זיך אַ מעשׂה אָנטהאָן! ווער איז ער דער פאַרשוין? ניין, איך מוז דאָס דערגעהן. וואָס איז דאָ די חרפּה? איך וועל איהם פּשוט פרעגען: ווי הייסט איהר?"

נאָר דאָ האָט ער מיך פּלוצלונג אָנגעכאַפּט ביי'ם האַנד, שטאַרק געדריקט און געשווינד אַוועק, זאָגענדיג אין גאַנג:

— צום ווידערזעהן! זונטאָג צו מיטאָג! איך וועל קומען געוויס!

אָט האָט איהר אייך אַ מעשׂה! לאַד איך איין אויף מיטאָג אַ מענשען, וואָס איך וייס ניט, ווער ער איז און פון וואַנען ער איז, וואָס ער טהוט און וואָס ער האָט געטהאָן...

אַלץ וואָס איך וויים וועגען איהם איז, אַז ער איז געזעסען דריי מאָנאַטען אין טורמע און ער איז עפּעס אַ נעלם...

אום גאָטעס ווילען, זאָגט מיר, ווער איז עס?... געוואַלד, ווער איז ער? —






מ. ליבאווסקי

# הומאריסטישע ביבליאטעק

№ 2. פרייז 5 קאפ.



אויסגאבע „אחים" ווילנא.
1912.




מ. ליבאווסקי

# הומאריסטישע ביבליאטעק

№ 2.



אויסגאבע "אדים" ווילנא.
1912.

---

# …ористическая Библіотека.


Типографія Б. А. Клецкина, Вильна.

1912 г.

# פינחס ראזענבערג.

(אַ סצענקע).

### פון ארקאדי אווערטשענקא.

אין דער שניט־קרעמעל פון פינחס ראָזענבערג שטעהט דער טשינאָווניק סאַמסאָנאָוו און זאָגט:

— ווייזט מיר טונקעל־בלאָע סאַמעט. איהר האָט?

פנחס האָט זיך אַביסעל בעליידיגט.

— וואָס הייסט? ס'זאָל ניט זיין קיין טונקעל־בלאָע־סאַמעט. עפעס איז דאָך אַ פירמע פינחס ראָזענבערג. אַ געלעכטער אין אַ וועהטאָג וואָלט געווען, מיר זאָלען ניט האָבען אַזאַ און אַזאַ סאַמעט.

— אַלזאָ ווייזט מיר.

— וואָס ווייזען?

— סאַמעט זאָגט מען אייך! סאַמעט.

— אַ, סאַמעט... אָט באַלד ווייז איך אייך אַ מין סאַמעט, אַז איהר וועט שפּרינגען פון שמחה, נאַט. גיעט נאָר אַ קוק!

דער קרעמער האָט מיט אַ געשיקטהייט פון נאַנדער־געוויקעלט אויפ'ן טישעל אַ בלאָע שטיק סחורה און מיט'ן האַנד אַ טאַפּ געטהאָן.

— ערלויבען זיי! זעהט נור! די גוטבעזיצערין גונדיקאָוואַ האָט דערפון גענומען דרייסיג אַרשין...

— ווינאָוואַט... איהר האָט פאַרהערט! איהר ווייזט מיר טונקעל־בלאָע זיידענס, און איך האָב געבעטען סאַמעט.

— דאָס איז אַ שען שטיקעל זיידענס.

— אָבער איך דאַרף סאַמעט.

— אַזוי, סאַמעט?! פאַר וואָס זשע האָט איה
פריהער ניט געזאָגט... טונקעל-בלאָע?
— טונקעל-בלאָע.
— איהר קענט פרעגען אַ קינד אין גאַס: אינ
געלע! וואו קען מען קריגען טונקעל-בלאָע סאַמעט
וועט אייך דאָס אינגעלע גלייך ענטפערן: ביי דע
פירמאַ פינחס ראָזענבערג.
דער בעל-הבית איז אַרויפגעקראָכען אויף
אויבערשטע פאָליצע און אַראָבגעשלעפט אַ שווער
פעקעל.
— וואָס זאָגט איהר אויף דעם דאָזיגען לויפ
טעדיגען סאַמעט?
— ענטשולדיגט, דאָס איז דאָך שוואַרצער!
דער בעל-הבית שטעלט אויס אויפ'ן טשינאָו
ניק אַ פאָר פערוואונדערטע אויגען.
— און איהר... וועלכע דען האָט איהר געוואָלט
— צום טייוועל! איך בעט דאָך ביי אייך טו
קעל-בלאָע.
— נעהמט בעסער דעם. ס'איז כמעט ווי טו
קעל-בלאָ. קיינער וועט אַנדערש ניט זאָגען.
— ניין, שוואַרץ קליידט מיר ניט.
דער בעל-הבית האָט זיך אַ קראַץ געטאָן א
מיט אַ ערנסטע מינע אַ זאָג געטהאָן:
— איצט איז די נייעסטע מאָדע שוואַרצער ס
מעט, אַלע טראָגען היינט שוואַרץ...
— עס קען זיין. נאָר איך בעט, איהר זאָ
מיר געבען טונקעל-בלאָען.
— סאַמעט?
— נו, געוויס.

— נעהמט, איך האָב אַ גוטען מאַנישעסטער. אַ בלאָער פון בלאָעלאַנד.

— הערט נאָר — זאָגט דער טשינאָווניק, אונ־געדולדיג מאַכענדיג מיט די הענד — איהר האָט טונ־קעל־בלאָען סאַמעט — טאָ גיעט מיר, אַז ניט — וועל איך געהן ערגעץ אַנדערש.

— ווי ווען געהן ערגעץ אַנדערש? וואָס זאָגט איהר דערצו? צו וועמען וועט איהר געהן? צו איט־שע מענדעלעוויטשקען, וואָס האָט יענע וואָך געשלאָ־גען זיין מאַמען? אָדער צו יעקעלע זוסמאַן, וואָס וועט אייך אַריינגנאַרען אַ שטיקעל סחורה, אַז איהר וועט האָבען צו זינגען און צו זאָגען? גוט, גוט! באַלד וועיז איך אייך אַ שטיקעל שטאָף, אַז איהר וועט אַליין זאָגען: ראָזענבערג! שניידט אָב פאַר מיר הונ־דערט אַרשין.

דער פנים פון קרעמער איז געווען טרויעריג־בעליידיגט. מיט פאָרווירפע האָט ער געשאָקעלט דעם קאָפּ, זיך איינגעבויגען צו אַ אונטערשטע פּאָליצע און אַראָבגענומען פון דאָרטען עפּעס אַ העלל־בלאָע.

— וואָס וועט איהר זאָגען אַ שטייגער צו אַזאַ קרעטאָנעלע.

— צו אַלדי שוואַרץ יאָהר, מיט אייער קרעטאָ־נעלע! איך איל זיך, און איהר נעהמט אַוועק ביי מיר די צייט אומזיסט...

— קיין קרעטאָן דאַרפט איהר ניט? גוט. ווע־לען מיר אייך געבען דאָס, וואָס איהר דאַרפט. סאַ־מעט דאַרפט איהר? גוט. איצט, אַז איהר האָט גע־זאָגט ווייס איך: דער הערר דאַרף סאַמעט. אַבי איך בין אַ גזלן און נעהם אַוועק צייט. אָהאָ, די צייט!

געהט אַוועק אַ מינוט, אַ קליין מינוטעלע, קומט זי שוין ניט צוריק. אַפילו גאָט אַליין קאָן איהר שוין צוריק ניט געבען...

דער בעל־הבית האָט זיך אַ ווײַלע פערטראַכט... אַ זיפץ געטהאָן שווער און מעלאַנכאָליש געזאָגט:

— און פון מינוטעלעך ווערען שעה'עלעך, און פון שעה...

— איהר וועט מיר ווייזען טונקעל־בלאָען סאַמעט, אָדער איהר האָט ניט? — האָט דער טשינאָווניק אויסגעשריען — איך בעט ביי אייך: גיעט מיר סאַמעט, איהר פערשטעהט — סאַמעט! און ער זאָל זיין טונעקל־בלאָ... איהר פערשטעהט? טונקעל־און־בלאָ! ניט שוואַרץ, ניט גרין, ניט געל... און ניט קיין קרעטאָן, ניט קיין באַטיסט, נאָר סאַמעט! איהר פערשטעהט — סאַמעט!!

פינחס ראָזענבערג האָט געמאַכט אויף זיך אַנ'אָנשטרענגונג אַרויסצושלאָגען פון קאָפּ די אומעטיגע געדאַנקען.

— גיט! — האָט ער פריינדליך געזאָגט — באַלד בעקומט איהר אייער סאַמעט. וויפיעל אַרשין דאַרפט איהר?

— פיער מיט אַ האַלב.

— פאַרוואָס ניט זיבען?

— ווייל איך דאַרף פיער מיט אַ האַלב.

— אַזוי, אַזוי. איהר זייט אַ היגער?

— יע, יע. גיכער, זייט אַזוי גוט, גיכער!

— באַלד, באַלד, געשווינדער פון אַ קוריער־צוג!

ראָזענבערג האָט בעקומען נאָך עפּעס אַ פּעקעל און מיעד איהם אָבגעוויקעלט.

— אָט איז סאַמעט! איבעריגענס, איז ער גאָר אַ טונקעל־רויטער. איהר זעהט, איך רעד אַייך ניט אַיין, נאָר דאָס איז אויך סאַמעט. איך וויס, אַז איהר דאַרפט אַנ'אַנדערען, ווענט איהר...

— צום טייוועל! — איז שוין דער טשינאָווניק געוואָרען אין כעס — איהר קאָנט מיר געבען טונ־קעל־בלאָען סאַמעט? ענטפערט — יע אָדער ניין?

— איהר דאַרפט טונקעל־בלאָען?

— טונקעל־בלאָען.

— און נאָר סאַמעט?

— נאָר סאַמעט.

— טהוט מיר לייד, נאָר טונקעל־בלאָער סאַ־מעט האָט איצט פערפעהלט. מיר האָבען סאַמעט, אָבער ניט טונקעל־בלאָען, און מיר האָבען טונקעל־בלאָען, אָבער ניט קיין סאַמעט! אפשר ברויכט איהר עפּעס אַ לייכטע שטאָף? סאַטין, סיטין — אַ גרוי־סער אויסוואַהל — אַ?

— אַ גוטען! געדאַרפט גלייך זאָגען, אַז איהר האָט ניט קיין סאַמעט.

— וואָס הייסט, איך האָב ניט? טונקעל־בלאָע סאַמעט דאַרף מיר אָנקומען — אין אַ וואָך צוויי אַרום, קומט אַריין. אפשר דאַרפט איהר דערוויל שאַלען, קאָלדרעס, האַלזטיכער...

דער טשינאָווניק האָט זיך העפטיג אַ דרעה געטהאָן, בעז אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן טהיר און איז אַרויסגעלאָפען פון קראָם.

ראָזענבערג האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, ער איז אַרויס פאַמעליך און נאָכגעקוקט דעם קונה,

וואָס איז אַוועק, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויפגערעגט:
— שאַרלאַטאַן די גאַנצע קראָם צעוואָרפען! וואָלט
ער כאַטש פון יוצא וועגען געבען צו לייזען אַ ניל-
דען!



# דאס בוך.

פון א. דאראשעוויטש.

איך האָב אַ גוטען בעקאַנטען.
אַ יונגער מענש, אַ רייכער, אַ פּרייער פון גע-
שעפטען.
האָט ער זיך גענומען בעקלאָגען:
— ביי פריהשטיק, ביי מיטאָג, ווען אַרום זע-
נען דאָ מענשען, איז נאָך ווי-עס-איז, צו דערליידען.
נאָר בלייב איך אַליין! — שרעקליך. איך ווייס ניט,
וואָס צו טהאָן מיט זיך. אָט געה איך פון ווינקעל צו
ווינקעל. אַלע געדאַנקען שוין איבערגעקלעהרט. קיין
אָרט געפין איך זיך ניט.
— לאַנגווייליגקייט?
— מסתמא. וואָס טהוט מען דערצו?
אַ גאַנצען יאָהר האָט ער ניט דורכגעלאָזען קיין
איין ערשטען ספעקטאַקל, קיין איין באַל, קיין איין

אָווענד, קיין אײן קאָנצערט, קיין אײן שפּיעל.

ער פלעגט אומעטום געהן, אַלץ זעהן. באַ־לעט, פאַרס, אָפּערע, אָפּערעטקע, געזעהן אַרטיסט־קעס אי באַרפֿעסע אי אין שיך.

ער איז געגאַנגען זיך פריילין מאַכען, אויף אַ טראַגעדיע און זיך אונטערהאַלטען אויף פּאָליטישע באַנקעטען.

איז ניט אַ רחמנות?

אין אַ יאָהר אַרום איז ער אַריינגעקומען צו מיר אַ פערחושכ'טער:

— ניין!

— ס'געהט ניט איבער?

— ווען אַרום ס'דאָ אַ גרויסער עולם — איז גאָר נישט. נאָר בלייב איך איינער אַליין — איז ווייטער דאָס זעלביגע, נ"ין! דאָס איז עפּעס אַ קראַנק־הייט! איך מוז פרעגען אַ דאָקטאָר.

ער איז אויסגעווען ביי אַלע בעדיהמטע רוסישע דאָקטורים, אויסגעשריבען זאָגאַר אַ פּראָפעסאָר פון בערלין.

ער איז געווען אַפילו ביי אַנ'אויגען־דאָקטאָר און ביי אַ צאָהן־דאָקטאָר.

איינער זאָגט:

— דאָס איז פון — איבערמאַטערונג. איהר האָט, וואַהרשיינליך, צו פיעל געאַרבייט.

דער אַנדערער האָט אויסגעפונען, אַז דאָס מוז זיין פּאָדאַגרע.

דער דריטער האָט געמאַכט אַ לאַנגע חקירה־ודרישה:

— וויפיעל גלעזלעך בראַנפען האָט איער זע־

ליגער פּאָטער געטרונקען? פון וואָס איז געשטאָר־
בען אַייער טאַנטע?

און נאָך אַלעמען האָט דער דאָקטאָר אַרויסגע־
זאָגט:

— דאָס איז שפּורען פון סקאַרלאַטין, וואָס
איהר האָט געהאַט אַלס קונד.

אַ פּיערטער האָט געפונען, אַז ס'איז נויטיג
צו מאַכען אַנ'אָפּעראַציע:

— אויסשניידען די גראָבע קישקע. די דאָ־
זיגע גראָבע קישקע דאַרף מען אויף כפרות. זי פּער־
גיפטעט בלויז דעם קערפּער.

נאָר דער דאָקטאָר האָט מתרה געווען:

— פון הונדערט אָפּעראַציעס גיעט זיך אַיין
איינע, מיין עצה איז, אַז איהר זאָלט ריזיקירען.

דער פינפטער, זעקסטער, זיעבעטער, אַכטער האָ־
בען איהם געשיקט אין די בעדער, קיין קיסלאָוואָדסק,
קיין ווישי, קיין קאַרלסבאַד, קיין עסענטוי, קיין
ניצאַ, קיין קאַאיר.

אַ גאַנצען יאָהר האָט ער געוואוינט אין די
קור־פלעצער.

אויסגעטרונקען שענע עטליכע פעסלעך מינע־
ראַל־וואַסער.

און איז געקומען צוריק.

— אַרויסגעוואָרפען! ס'שיינט, אַז דאָס איז אַנ'
אינעווייניגסטער פעהלער, עס העלפט ניט. מען מוז
זיך לאָזען מאַכען אַנ'אָפּעראַציע.

מען האָט איהם אויסגעשניטען די גראָבע קישקע.
היי מאָנאַטען איז ער געלעגען געפּעהרליך־צווי־
שען לעבען און טויט.

נאָר ווען ער איז געזונד געוואָרען, איז ער גע־קומען צו מיר אין גרויס פערצווייפלונג.

— איך איז ניט בעסער?

— כל זמן איך בין געלעגען קראַנק — איז גע־ווען גאָר־ניִשט. נאָר ווי איך בין געזונד געוואָרען — האָט זיך ווייטער אָנגעהויבען! איך קאָן דאָך יעדען טאָג ניט לאָזען שניידען זיך אַ גראָבע קישקע.

און ער האָט בעשלאָסען:

— די ענגלענדער, אין אַזוינע פאַלען, רייזען די וועלט.

און ער האָט זיך געלאָזען אין מרחקים.

גע'הלש'ט פון דאָרשט אין סאַהאַרע, געבראָ־טען זיך אויף דער זון אין אינדיען, שיער ניט דער־טרונקען געוואָרען ביי אַ שטורעם אויפ'ן ים.

איך האָב בעקומען פון איהם קאַרטלעך פון אויסטראַליען, פון מעקסיקא, פון יאַפּאַן.

געקומען איז ער צוריק שטאַרק פערצווייפעלט:

— אפשר פאַר די ענגלענדער איז עס אַ רפואה... פאַר מיר אָבער — ניין! אַנ'עק אַ סוף! איך פער־שטעה שוין יעצט די אורזאַכע. דאָס איז — פון איינזאַמקייט.

און ער האָט חתונה געהאַט.

אָבגעלעבט אַ יאָהר מיט דעם ווייב.

די היירַאַט האָט איהם קיין גליק ניט געבראַכט.

צוויי מאָל האָט ער זיך געפּרובט נעהמען דאָס לעבען.

ענדליך האָט ער זיך גע'גט מיט'ן ווייב.

— שוין גע'גט זיך, און אַלץ לאַנגווייליג!

וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען: ער איז גע־ווען אויסער זיך פון טרויער.

די טעג לויפט ער אַריין צו מיר אַ פרייליכער, אַ גליקליכער.

— שטעלט אייך פאָר! געפונען!

— וואָס געפונען?

— אַ מיטעל, אַ ראַדיקאַלען. אויס לאַנגווייליג־קייט!

— וואָס האָט איהר דערצו געטהאָן?

געקויפט אַ בוך.

— אַבוך?

— ווי נור ס'ווערט לאַנגווייליג — נעהם איך דאָס בוך. איך בעמערק גאָר ניט, ווי די צייט לויפט אַריבער.

און ער האָט מוסיף געווען:

— אמת, דאָס בוך קאָסט אַ רובעל. אָבער, אַז ס'האַלט שוין דערביי צו לאָזען אַ קויל אין קאָפּ — זאַלעוועט מען שוין קיין רובעל אויך ניט.

דאָ הער איך, ווי דער לעזער זאָגט:

— „עס לאָזט זיך ניט גלויבען!"

„דאָס איז שוין אויסגעטראַכט פון קאָפּ!"

„וואָס מיינט איהר? דער לעזער ווייסט שוין קיין זאַך ניט?"

„איהר ווילט אַיינשמועסען, אַז אייער גוטער בעקאַנטער, לײדענדיג פינף יאָהר, האָט ענדליך גע־נומען און געקויפט אַ בוך!!"

„עס לאָזט זיך ניט גלויבען!"

„ער האָט געמוזט קומען צו אייך און זאָגען:

„— הערט נאָר! אפשר איז אַ סברא פּרובען זיך לעזען עפּעס? פיליכט האָט איהר עפּעס אַ ביכעל, וואָס איהר דאַרפט שוין ניט?".

---

# ליעבע און צאהן-וועהטאג.

(הומארעסקע).

פון מ. ג. סאפיר.

ליעבע און צאָהן-וועהטאָג! צוויי מינים גרויסע יסורים פאַר דעם, וואָס ליידט דערפון און צוויי „קליי-ניגקייטען“ פאַר דעם זייטיגען מענשען, וואָס פ'הלט ניט די יסורים.

— וואָס איז איהם? וואָס איז איהר?

— זיי ליעבען — זיי ליידען צאָהן-וועהטאָג.

— דאָס גאָר?! קיין בייז ניט!

אָט דאָס זענען די געוועהנליכע אורטיילען וועגען ליעבע און וועגען צאָהן-וועהטאָג.

ווען עמיצער איז שטוב איז פערליעבט אָדער ליידט צאָהן-וועהטאָג, נעהמט יעדער איינציגער פון דער פאַמיליע געבען סגולות, וועלכע וועלען געוויס העלפען.

דער טאַטע זאָגט: דאָס איז אַ צוקיהלונג — עס וועט איבערגעהן פון זיך אַליין; דער פעטער זאָגט: דאָס קומט פון ניט היטען זיך — מען דאַרף זיצען אין שטוב; די גאָווערנאַנטקע זאָגט: דער עיקר איז — ניט צו טראַכטען וועגען דעם; די שוועגערין זאָגט: דאָס בעסטע איז — אַרויסנעהמען די אַלטע און אַ(ריינשטעלען נייע; אַ שכן, וואָס ווייסט אַלץ, גיט אַ עצה: פאַרשטאָפען די אויערן מיט וואַטע — דאָס איז אַ רפואה בדוקה.

מיט איין וואָרט, ניטאָ אין דער וועלט אַזאַ

נאַר, וואָס זאָל ניט וויסען קיין סגולה צו ליידען פון ליעבע און צאָהן־ווערטאָג.

מעהר פון אַלעמען ווייסען סגולות געגען די דאָזיגע שמערצען די אַלטע פרומע ווייבער און די אַלטע בעלי־תשובות, וועלכע האָבען שוין פערלאָרען אַלע צייהנער און יעדע האָפנונג אויף ליעבע, און זיי דערלעבען זייער לעצטע ביסעל יאָהרען מיט אַ מויל אָהן צייהנער און מיט אַ האַרץ אָהן געפיהלען.

אַלע מענשען, וועלכע האָבען אין גאַנצען פערלאָרען זייערע צייהנער, ניט אַלטונג געבענדיג אויף זיי, און דאָס האַרץ האָבען זיי פערדאָרבען דורך פערשיעדענע פעהלערען — אָט די דאָזיגע מענשען גלויבען נישט, אַז דער וואָס האָט געזונדע צייהנער ליידט פון צאָהן־ווערטאָג, און דאָס געזונדע ריינע האַרץ ליידט פון ליעבע, וויל זיי האָבען ניט קיין צייהנער און קיין האַרץ מיטצופיהלען.

ליעבע און צאָהן־ווערטאָג זענען עהנליך איינס אויף דאָס אַנדערע אויך דערמיט, וואָס אין ביידע פאַלען זענען די יסורים גרעסער און שטאַרקער ביי נאַכט, ווען מיר לויפען אום הין און צוריק ווי משוגעים און קריכען אויף די וועגד פון שמערצען.

אָבער דאָך וואָס איז שטאַרקער: ליעבע אָדער צאָהן־ווערטאָג?

ווען אַ מענשען חאַפען אָן אין איין־און־דערזעלבער צייט ביידע צוזאַמען, וועלכע פון זיי לאָזט זיך שטאַרקער פיהלען?

אָט לאָמיר זעהן!

———

אין בערלין, אין עק פרידריכשטראַסע און בע־רענשטראַסע, האָט געוואוינט אַ פּערליעבטער שריפט־שטעלער — דאָס בין איך טאַקי אַליין.

זי, די פערליעבטע, איז געווען אַ טאָכטער פון אַ יוסטיץ־ראַט. מעהר ווי דאָס קאָן איך ניט אויסזאָגען דעם לעזער וועגען אונזערע בעציהונגען.

איך קאָן נאָר צוגעבען, אַז זי האָט שטאַרק ליעב געהאַט צו פוצען זיך און איז געווען זעהר אייפערזיכטיג. דאָס מוז דער לעזער וויסען, ווייל די דאָזיגע היסטאָרישע שטריכען האָבען אַ שייכות צו אונזער היסטאָריע.

די תאוה צו פוצען זיך מאַכט אַ חורבן אין קעשענע, און די אייפערזוכט מאַכט וואונדען אין הארצען.

די תאוה צו פוצען זיך איז ענליך צו אַ פּאַווע — וואָס עלטער זי ווערט, אַלץ שוואַכער איז זי; און די אייפערזיכט קאָן מען פערגלייכען צו אַ קראָקאָדיל — וואָס עלטער אַלץ געפעהרליכער.

אָבער וואָס איז שטאַרקער: די תאוה צו פוצען זיך אָדער די אייפערזיכט, ווען די דאָזיגע ביידע זאַכען טרעפען זיך ביי איין־און־דערזעלבער פער־זאָן?

אָט וועל איך דערצעהלען!

---

געגען מיין פענסטער, אויף דעם צווייטען עק גאַס, זענען געווען אָנגעקלעפט גרויסע אַפישען פון טהעאַטער און קאָנצערטען.

יעדען טאָג פונקט צעהן אַ זייגער אין דער פריה פלעגט זי גיעהן מיט איהר מוטער פאַרביי און זיך אָבשטעלען ביים ווינקעל געבען די אַפישע.

ווען זי פלעגט מאַכען אַ מינע, ווי זי וויל, כלומר'שט, אָנווייזען דער מוטער אויף עפּעס אַנ־אַפּישע און דערביי אַ טייטעל טהאָן מיט'ן פינגער אויף די ווערטער:

„אָנפאַנג אום זיבען אוהר" —

דאַן פלעג איך שטעהענדיג מיט אַ בינאָקל ביי'ם אָפּענעם פענסטער, שוין וויסען, אַז אונזער ראַנדע־וואו איז בעשטימט אויף זיבען דעם זייגער. ווען זי פלעגט דערביי, כלומר'שט ניט ווילענדיג, אויפהויבען אַ פינגער פון דער צווייטער האַנד — איז דאָס געווען אַ סימן, דאָס צו זיבען דאַרף מען צולעגען נאָך איינס, ד. ה. אַז מיר וועלען זיך טרעפען אַכט דעם זייגער.

אָ, די ליעבע מאַכט ערפינדונגען!

פראַנקלין האָט אין זיין גאַנצען לעבען ערפונדען בלויז איין איינציגען מאַשין צו פערהיטען פון אַ דונער. אָבער די ליעבע ערפינדעט אַלע ווייעלע נייע מיטלען אויף אויסצומיידען דונערען מיט בליצען...

ס'איז געווען אַכט אַ זייגער. איך בין געשטאַנען אויף דעם אָרט, וואו מיר האָבען אָבגערעדט. איך האָב געוואַרט. איך וואַרט — זי געהט ניט. איך וואַרט ווייטער — זי איז אַליין ניטאָ. ווער ווייסט, ביז וואַנען איך וואָלט נאָך אַזוי געוואַרט, ווען פאַרביי מיר זאָל ניט פאַרבייַלויפען מיט זיינע חברים אַ יונגעל, וואָס האָט געדיענט ביים יוסטיץ־ראַט אויף שליחות. דערזעהן מיך, האָט ער אַ וואָרף געטאָן צו מיינע פיס אַ נוס און איז פערשוואונדען געוואָרען.

איך האָב אויפגעהויבען דעם נוס. ער איז גע־

װען מיט אַלעכעל, אָבער ניט קיין פּוסטער. אין איהם איז געלעגען אַ צעטעלע:

„כ'קען ניט קומען! נאָר װאָס איז געקומען צו־פאָהרען פון פּאַריז די בערי'המטע מאַדאַם אַנאַטאָל (אַזוי האָט געהייסען די ערשטע מאָדיסטקע) און איך מוז ביי איהר זיין נאָך היינט אָװענד — װען ניט װע־לען אַנדערע אויסחאַפּען. זיי געזונד, מיין זיס'נ־קער!"

איך צװייפעל צו מיר איז געװען זיס! אַלענפאַלס, יענע מינוט געװיס ניט. נאָר װאָס העלפט עס? אַפילו די ליעבע איז ניט אימשטאַנד צו קעמפפען געגען די הענדלער מיט מאָדע־זאַכען.

אַלזאָ, בין איך, דער זיסער, מאַכענדיג אַ זוי־ערע מינע, אַװעק אַ היים מיט אַפּאַרביטערטער האַרץ.

אין צװיי טעג אַרום האָט מיך געכאַפּט װעה־טאָן די צייהן. אָבער װי װעה־טאָן! װי מיט מעסערס װאָלט מען מיך שניידען אויף שטיקער. די באַק איז געשװאָלען געװאָרען אין פערצוגען די לינקע אויג. איך האָב אויסגעזעהן װי אַ גרויסער עפּעל מיט אַ רויטער באַק.

זי איז פערביגעגאַנגען אין אַ מאַך געטהאָן מיט'ן פיינגער אויף די װערטער:

„אָנפאַנג אום זיבען אוהר".

און ליתר בטחון האָט זי נאָכאַמאָל צוגעריהרט מיט'ן קליינעם פינגעריל צו יענעם אָרט אין איז אַװעק מיט איהר מוטער אַ היים.

איך האָב גלייך געשיקט רופען זעס דאָקטאָר און האָב איהם געזאָגט: „איך מוז היינט אונבע־דינגט אַרויס פון שטוב — זעהר אַ נויטיגע זאַך, װאָס מען קען עס ניט אָבלעגען.

נאָר דער דאָקטאָר האָט געפֿונען, אַז איך טאָר פֿאַר קיין פֿאַל ניט אַרויס אויף דרויסען, ווען ניט וועל איך כאַפּען אַ רויז.

מיין פֿערצווייפֿלונג איז גאָר ניט צו משער זיין. מיט אַ פֿערטרויערט האַרץ האָב איך בעשלאָסען אָנצושרייבען איהר אַ בריעף.

איך האָב איהר אַרומגעשריבען מיין דאָפּעלען וועהטאָג און פֿערצווייפֿלונג; איך האָב געבעטען רחמים, זי זאָל מיר מוחל זיין; מיט פֿלאַמענדיגע פֿאַרבען האָב איך געמאָלט די פֿלאַמען פֿון מיין ליעבע און פֿון מיין לינקער באַק.

דעם קליינעם צעטעלע מיינעם האָב איך איהר אָבגעשיקט דורך מיין קליינעם בערלינער קוזיער.

אויס! אַלץ פֿערלאָרען! איך האָב געמוזט געהן! איך האָב געדאַרפֿט ווייזען פֿאַר איהר מיין געשוואָלענע באַק! איך האָב געמעגט חאַפּען אַ רויז און בעווייזען פֿאַר איהר מיין רויז! איך האָב געמוזט געהן, אפילו ווען ס'זאָל אויסקומען צו פֿיהרען מיך צוריק אַ טויטען!

אויפֿ'ן צווייטען טאָג האָט מיר דער יונגעל פֿון יוסטיץ־ראַט געבראַכט אַ בריוועלע צוזאַמען מיט אַ פֿלעשעלע.

„ליעבריינער פּאָעט"!

געוויס איז צאָהן־וועהטאָג שטאַרקער, אַלס ליעבע! קאָן מען דען פֿערגלייכען די פֿייערדיגע בענקשאַפֿט מיט אַ פֿייערדיגער באַק? וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט אַ ברענענדיגע האַרץ געגען ברענענדיגע יאַסלעס? ווער עס קאָן אַזוי ליעבען און אַזוי ליידען פֿון צאָהן־וועהטאָג, מוז זיך פֿון אַלץ ענטזאַגען און נעהמען זיך צו דעם באַלזאַם, וואָס איך שיק אייך צוזאַמען מיט מיין ברכה, אַז איהר זאָלט אין גיכען געזעגענט ווע־

רען. איהר קענט בעגיסען מיט די טראָפּען מיין יעצ־
טיגען ליעבע־בריעף און מיט איהם פּערוויקלען אייער
געשוואָלענע באַק, און זאָל עס אַייך זיין אַנ'אָנדענקונג
אויף עוויג פון אַייער טיעפשעצענדע.

מיר האָבען זיך שוין מעהר ניט געזעהן דאָס
גאַנצע לעבען.

אָט נאַט אַייך — ליעבע און צאָהן־וועהטאָג.



# יודישע אנעקדאטען.

אויס דעם זאמעלבוך

פון אלעקסאנדער מאשקאווסקי.

---

I

## דער הונד וויים ניט.

— לאָמיר אָבטרעטען, יענקעל, דאָ איז פאַראַן
אַ בייזער הונד, וואָס בילט מורא'דיג!

— ווייסטו דען ניט, משה, אַז די הינט וואָס בי־
לען בייסען זיך ניט.

— יע, איך וויים טאַקע, נאָר צי ווייסט דערפון
אָט דער הונד? —

---

II

## דער חיטרער פּראָפּעסאָר.

אַ יוד וואָס איז געקומען קיין אויסלאַנד קורירען זיך האָט געהערט, אַז יענער און יענער בעריהמטער פּראָפּעסאָר נעהמט ביי'ם ערשטען וויזיט 10 מאַרק און ביי'ם צווייטען 5 מאַרק.

דער יוד האָט געוואָלט האַנדלען אַ מציאה, פאַלט ער אויף אַנ'המצאה און געהט אַוועק צום פּראָפּעסאָר, ווי אַנ'אַלטער בעקאַנטער, און מאַכט:

— אָט בין איך נאָכאַמאָל געקומען צו אייך, העדר פּראָפּעסאָר!

דער פּראָפּעסאָר האָט בעטראַכט גוט דעם חולה, געהייסען איהם אויסדערצעהלען זיין חולאת, אויס־געהערט דעם פּולס, אויסגעקלאַפּט די לונגען און דאָס האַרץ. ענדליך מאַכט ער:

— גאָר ניט! איהר קאָנט גאַנץ רוהיג נעהמען ווייטער די רפואות, וואָס איך האָב אייך פערשריבען, ווען איהר זייט ביי מיר געווען דאָס ערשטע מאָל!

————

III

## דער קלענערער חלק.

צוויי חברים, זלמן און נפתלי עסען צוזאַמען אין אַ רעסטאָראַן און נעהמען פאַרביידען איין שטיקעל פיש נפתלי צוטיילט, און נעהמט פאַר זיך דעם גרע־סערען חלק.

— דאָס איז אַנ'עולה — זאָגט זלמן — אַזוי פיהרט מען זיך ניט! ווען איך וואָלט טיילען, וואָלט איך זיך גענומען אַ קלענערען חלק.

— איך פֿערשטעה ניט – ענטפֿערט נפֿתּלי — וואָס זשע ווילסטו? האָסטו דאָך דעם קלענערען חלק!

———

IV

## שוין אַ איד.

— פּאַפּאַ! – זאָגט אַ יונגעל צו זיין געטויפֿטען פֿאָטער — צו וויפֿיעל יאָהר ווערט מען אַ איד?

— רעד ניט קיין נאַרישקייטען! יעדער איז שטענדיג דאָס וואָס ער איז. וואָס ווענדט זיך דאָס אָן עלטער?

— ניין, פּאַפּאַ, אָט זעהסטו! איך בין אַלט 12 יאָהר — בין איך נאָך אַ קריסט. דיר איז 50 יאָהר — ביזסטו נאָך אויך אַ קריסט. און דער זיידע – ער איז שוין אַ איד.

———

V

## אין וואַגאָן.

אין וואַגאָן פֿאָהר אַן אָפֿיצער, וועלכער נעהמט זיך צום עסען פֿריהשטיק.

— פֿיליכט וועט איהר נעהמען אַ שטיקעל שינ־קע? — פֿרעגט דער אָפֿיצער זיין שכן, וואָס זיצט אַנט־קעגען איהם.

— דאַנקע, ליידער מוז איך זיך ענטזאַגען. איך בין אַ יוד און טאָר ניט עסען קיין חזיר־פֿלייש. דער אָפֿיצער עפֿענט אַ פֿלעשעל.

— אפֿשר וועט איהר נעהמען אַ ביסעל קאָ־ניאַק?

— ליידער דאָס אויך ניט. מיר, פֿרומע יודען, היטען כשר ביי געטראַנק אויך.

— און ווי איז, אַז איהר ווערט שלאָף פֿון דאָרשט?

— דאַן איז עפּעס אַנדערש. לויט דעם יודי־שען דין, וואו ס'איז אַ סכנה, מעג מען נעהמען אין מויל אַפילו טרפה.

דער אָפּיצער האַפּט אַרויס זיין שאַשקע און שרייט:

— טרינקט, אַז ניט לעג איך אַייך אויף אַנ'אָרט!

דער יוד טרינקט. דאַן בעט דער אָפּיצער ביי איהם ענטשולדיגונג:

— מיר פֿערדריסט, וואָס איך האָב געמאַכט אַ צו ערנסטען שפּאַס. זייט ניט אין כעס.

— געוויס בין איך אין כעס! פֿאַרוואָס האָט איהר ניט אַרויסגעהאַפּט דעם שווערד פֿריהער, ווען איהר האָט געגעסען די שינקע?

———

VI

## אַ פויערשע קאָפּ.

אַ בוכהאַלטער אין אַ יודישען באַנק האָט זיך געטוייפֿט. אויפ'ן צווייטען טאָג דערלאַנגט ער זיין שעף אַ פּראָיעקט פֿון אַ האַנדעלס־בריעף. דער שעף לייענט און געפינט אָהן אַ שיעור גרייזען און צע־רייסט דעם בריעף.

— אַ מאָרגנע געשיכטע! ערשט אַ מעת־לעת אַ גוי, און האָט שוין אַ פויערשען קאָפּף!

———

VII

## אין דער שטיל.

איטשע (שטילערהייד צו פֿייוולען): ווייסט וואָך איך וועל דיר זאָגען? דיין ווייב געפעהלט מיר

גאָר ניט. ווי האָסטו דאָס מיט איהר חתונה געהאַט? אַ הויקערדיגע, אַ קאַסאָקע, פֿערהיקעט זיך...

פֿייוועל: מעגסט ריידען העכער: זי איז אַ טויבע אויך! —



# אויסגעדרעהט זיך.

פון יכנה"ז.

ווי אַ פערסמיטע, אָהן אַ נשמה, איז אומגעלאָפען משה מאיר דער מלמד מחרת יום הכפורים פריה זוכען, כאַפּען, לייהען אַ גמילות-חסד צוויי רובל מיט אַ פיערטעל, וואָס עס פעהלט איהם אויס צו אַ חשבון פון אַ חוב, וואָס מען מוז איהם שוין די מינוט מסלק זיין. אָהן שום רחיות און אָהן שום טענות און מענות.

דער בעל דבר איז אַ רויטער קנעפּיל מיט אַ שאַשקע, ער שטעהט און וואַרט אין שטיב, ער זאָל שוין שאַפען דעם גאַנצען חוב ביז אַ קאָפּיקע.

ער חאַפּט זיך אַריין צו אַ שכן, ווי אַ משוגע'נער. דער ברילאק אויפ'ן לינקען אויער, אָבגעשפּילעט, מחילה, אַ קנעפּיל, וואָס בעט זיך זיין דוקא פערשפּילעט, און זאָגט פערסאָפּעט: זעהט, האָט רחמנות, טהוט אַ טובה, לייהט אַ גמילות חסד 15 גילדען. מאָרגען, שפּעטער, ניט שפּעטער פון איבערמאָרגען גיעב איך אָב מיט גרויס דאַנק. זעהט. גיכער, טהוט אַ טובה.

ענטפערט מען איהם קאַלט ווי ליאָד: אויף וואָס איז אַזוי, ר' משה מאיר, חא? וואָס אַזוי פערסאַפּעט?

די שכנים אַרום ווייסען אויף וואָס איז דער גמילות חסד. דערפאַר איז מען אַזוי קאַלט.

— אויף גאָרנישט, זעהט, לייהט.

— וואו? וואָס? מחרת יום הכפורים געלד? צי משוגע. אָנגעשמיעדט נעכטען אין בית המדרש?

איז כאָטש אַ רובל, צעהן גילדען.

— אַ קאָפּיקע ניטאָ.

ער שפּרינגט אַרויס פון שכן. כאַפּט זיך אַריין אין אַ קרעמיל, די זעלבע תחנונים: זעהט, טהוט אַ טובה! לייהט גיבער 15 גילדען.

איז אָבער די זעלבע תשובה: וואו? וואָס? אויף מאָרגען נאָך יום־כפור געלד? ניטאָ אַ קאָפּיקע.

ער לויפט ווידער — די ווייב אַנטקעגען: גיבער, משה מאיר, גיבער. זיי קעהרען וועלטען, גיעבען אָן מעשים. טופען. שרייען. און וואָס הערט זיך: דאָ־קאַזשעט?

— ניטאָ, ניטאָ. לויף דו ערגעץ.

— וואוהין לויפען? ווער וועט מיר לייהען?

— איז אַ מכה אין פּלייצע. אַ קאָפּיקע ניט געבען.

---

אַ שען געשעפטעל האָט משה מאיר. נאָך פון די ערשטע סליחות אָן האָט איהם די סאַניטאַר־קאָ־מיסיע געמאַכט אַנ'אַקט פאַר „טשיסטאָטאַ“. האָט די אַדמיניסטראַציע אָבגע'משפט איהם אָדער אַ חדש זי־צען, אָדער 25 רובל.

אַ שטיקעל בעל־הבית איז משה מאיר דער מלמד. אַ שטוב — אַ גרוב, וואָס ער האָט פון איהר צרות כל ימיו, האָט איהם דער טאַטע געלאָזען בירושה. ניט איינמאָל און ניט צוויי מאָל האָט ער שוין גע־

האָט אויף זיך אַן אַקט. ווי עס בעווייזט נאָר אין די גאַסען ווייסע מודעות: „טרינקט ניט קיין רייהע וואַסער" שטאַרבט ער אָב מיט די ביינער, ער געהט צו און זאָגט: אָט איז די ישועה אינגאַנצען, מסתמא, הערט זיך שוין כאָליערע צו כאָליערינקע, און סאַני-טאַר-קאָמיסיע געהט אַרום איבער די הויפען אַלטונג געבען אויף „טשיסטאָטאַ".

געקומען דער ליעבער זומער, אַ דאַנק דעם, וואָס אין הימעל, שטיל, משה מאיר קוועלט. ערשט מיט אַמאָל, אַהאַ, פאַרטיג די חתונה: מודעות. „טרינקט ניט קיין קאַלטע וואַסער".

— וואָס איז? — פרעגט משה מאיר: כאָלערע? דאַכט זיך עס הערט זיך ניט.

— הלואי זאָל זיך טאַקע ניט הערען. אין ווי-טעבסק איז כאָלערע. בעשטעטיגט די גיבערניע אין כאָלערע געפאַהר. און אין ווילנער גובערניע אויך גע-טראָפען עטליכע צופאַלען.

מילא וויטעבסק איז ווייט. ווילנא אַ נאָהענטע שכנה.

ער איז אַוועקגעלאָפען אַהיים, אָנגעזאָגט אַלע זיינע דריי שכנים היטען זיך ניט אָנמאַכען אויפ'ן הויף. וואָרום ער וועט זיי אַרויסיאָגען פון דירה, גענומען בכבודו ובעצמו אַ בעזים, געקעהרט, געראַהמט דעם הויף. נאָך אַמאָל פערזאָגט, ווידער פערזאָגט, און געזעצט זיך קנעלען.

אַראָפּ עטליכע טעג. אַרויס ווידער אין גאַס, פינסטער אין די אויגען. גרויסע מודעות פאַר אַלע בעלי-בתים, תקנות און תקנות, און די אונטערשטע שורה: דער וואָס וועט ניט מקיים זיין, איז ביז דריי

חדשים זיצען, אָדער ביז 300 רובל שטראָף ועל החתום: דער גובערנאַטאָר אַליין.

ער האָט איבערגעלייענט די מודעה, ווי מען איז מעביר די סדרה: צוויי מאָל מיט טראָפּ, מיט תרגום אונקלוס, און מקיים געווען אַלע זיבען פּונקטען: קאַרבאָל, זעגאַכץ, שיטערע ווייסע וואַפּנע, ווי מען פּלעגט אַמאָל אָבצייכענען אַ בית־הקברות און נאָך און נאָך. דאַכט זיך ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך.

אַנ׳אָרימאַן קלעפּט זיך אָבער. אין עטליכע טעג אַרום, סאַניטאַר־קאָמיסיע געהט אַרום. געקומען צו איהם אויפ׳ן הויף — אַנ׳אַקט.

אַ שכן האָט זיך „איספּראַוועט“, אויסגעגאָסען דעם טעפּיל ניט וואו מען דאַרף. און גראָד, מעשה שטן, אַ פליוך דעם טעפּיל און סאַניטאַר „מלאכי חבלה“ אויפ׳ן הויף.

משה מאיר וויינט, בעט רחמים, טענה׳ט און טענה׳ט. קוים מיט צרות, אַראָבגעדונגען אַ ביסעל. לכתחלה געמאַכט דעם אַקט אויף 25 רובל אָדער אויף אַ חדש זיצען, האָט ער איבערגעמאַכט אויף 15 רובל אָדער 14 טעג זיצען. משה מאיר קאָן ריידען און טענה׳ן.

אין די ברירה ביי איהם. איצט איז אַ גרויס ישוב הדעת, וואָס בעסער אויסקלייבען: געלד צי זיצען.

אין אַנ׳אַנדער צייט איז גאָר קיין שום שאלה ניטאָ, אָבגעזעסען און פערדיענט אַ רובל מיט זיבען קאָפּיקעס אַ טאָג, חוץ „קאָרמאָוואָיע“ 8 קאָפּ. אַ טאָג. היינט אָבער קאָן ער אַ טאָג ניט זיצען. אַ מלמד איז ער און סוף הזמן. אויף פּיץ ברעקלעך וועט מען

צורייסען זיין חדר. מען רייסט אַזוי אויך. אַרוה אין זייער טאַטענס טאַטען.

15 רובל קאָן ער אָבער אויך ניט געבען. אַזמן געווען זשוק, זשאַבע אויף דאַטשע, אויף דער הוצאה ניט געקלעקט, ניט נאָר אויף שטראָף צאָהלען.

אַגב איז ער אַבעל שחרית ימים נוראים אין אַמנין. ניט פיעל, אַפינפעריל האָט ער. איז שוין גאָר צעהן ריבל.

פאַר 10 רובל איז שוין ניט כדאי זיצען 14 טעג און נאָך ימים נוראים. ווען עס וואָלט אַפילו אויסגעקומען די ימים נוראים אין מיטען זמן, און בפרט איצט, אין רעכטען יריד, אַלע מלמדים וועלען אומפליהען, און ער וועט זיך זיצען על כסא מלכותו אויבען אָן אויף אַ פאָליצע אין „וויסידניע“.

בקצור: געבליבען בעצאָהלען די 15 רובל.

וואָלט פאָליציי געווען אַ גוטע, לאָזען איהם צו־רוה ביז חנוכה, וואָלט זיין גאָר גוט, איז זי אָבער אַמרשעת, לעבען לאָזט זי איהם ניט, איינס פון די צוויי: דעם נפש אָדער 15 רובל.

שמשים האָט זי גענוג, זיבען מאָל אַ טאָג קומט מען איהם געוואָהרוועדען.

ער האָט זיך אָבגעבעטען לאָזען איהם צורוה, לכל הפחות, ביז נאָך ראש השנה. עס וואָלט ניט געהאָל־פען. ביי דעם מלאך המות קאָן מען זיך אָפּבעטען? אַזוי קאָן מען זיך אָפּבעטען דאָ ביי פאָליציי, נאָר פאַרהאַן אַ סוד מעשה, אַלע תפיסות זענען פערפולט, אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ, אַ פינגער ניט אַריינשפּאַרען.

די סאַניטאַר־קאָמיסיע געהט כסדר מחצר לחצר און מאַכט אַקטען, מען דאַרף געלד. ניט אַלע אָבער גיבען געלד, מאַכט מען מעהר אַקטען. די גיבען

שוה כסף און די כסף מזומן; אָבער די זיצער איז מעהר פון די געבער, האָט מען אָנגעזאָגט פּאָליציי ניט אַזוי שטרענג שלעפּען די בעלי־בתים זיצען. ניטאָ קיין מקומות, זאָל זיך געהן בהדרגה, די אַהיים, די אַריין.

אף על פי כן לאָזט פּאָליציי ניט אָב. זי ווערט געוואָהר אַלע איהרע קונדען זיבען מאָל אַ טאָג: שלום עליכם, ר׳ ברוך.

— עליכם שלום, אַ מטבע, אַ גלעזעלע, און געה אין אַלדע רוחות.

די בעלי־בתים ווייסען ניט פון דעם סוד. לאָזט מען זיך קאָסטען, נאָר פאַרהאַן בעלי בתים, וואָס מאַכען אַזאַ חשבון הנפש: פריהער, שפּעטער, זיצען מוז מען, איז גלייכער אַראָבפּט־ן און אַראָפּ אַ שטריק פון האַלז.

משה מאיר האָט אויך דעם סוד ניט געוואוסט, געבען מטבעות, גלעזלעך האָט ער פיינד, געגוג די 15 רובל.

פלעגט ער זיך צובעהאַלטען, אַוועק פאַרטאָג צו סליחות און קומען בהצות הלילה אַהיים.

קומט דער גאָראָדאָוואָי פריה, פרעגט ער: גדיע חאָזאַין? זאָגט די ווייב: „פּאַשאָל וו שקאָלע סקאַזאַט סליחות“.

ער שטעהט אַביסעל, ער מיינט עפּעס אין יד. נאָר אַ פּיג, געהט ער אַוועק און ברוך הבא אין אַ שעה אַרום ווידער דאָ.

— פּרישאָל?

— ניעט!

— קאַק ניעט. און אַ בריקע מיט׳ן פּוס.

בריקע היינט, בריקע מאָרגען. ניטאָ איז ניטאָ.

ער ווערט מלא חמה, נאָר כּעס היינט, כּעס מאָרגען ניטאָ דעם גנבֿ העגגט מען ניט.

משה מאיר איז טאַקע ניטאָ אין דער היים. ער האַוועט, ער שמייעט, ער מאַכט דעם קנעלונג. דער־זעהט ער אין גאַס אַ גאָראָדאָוואָי פון זיין אוטשאַס־טאָק, איז פּיס אָן אַ זייט.

דער גאָראָדאָוואָי איז אָבער אויך ניט פון די צווייי אַ גראָשען. ער האָט איהם אין גאַס געפּאַקט.

— סטאָי מערזאַוועץ!

אַהין, אַהער, ריידען קאָן ער. דערצו אַ גריוו־ניקעל אויך. ער איז ווידער אַ בן־חורין.

ער האַוועט און שמייעט, ער מאַכט דעם קנע־לונג, און קלייבט געלד. אַ גראָשען צו אַ גראָשען, אויפ־קלאַפּען די 15 רובל.

קיין כּפּרות נישט געשלאָגען ערבֿ יום כּפּור אַ קדחת דעם חוכּר — האָט ער געזאָגט. ניטאָ קיין כּפּרות שלאָגען, השם יתברך וועט געבען אַ גוט יאָהר אַזוי אויך.

אָט האָט ער זיך אויסגעדרעהט ביז נאָך יום כּפּור.

איצט לאָזט ער פון זיי, ערבֿ יום כּפּור האָט ער געהאַט פון דער קערה אין מנין צוויי רובל אויך, בקצור, ער האָט שוין כּמעט דאָס גאַנצע געלד, עס פעהלט נור אויס 15 גילדען.

היינט געהט ער שוין אַהיים גלייך פון דאַוו־נען. פינפצעהן גילדען איז ניט אַזאַ רעש. ער וועט נאָך דאָס היינט קריגען.

איז אָבער מעשה שטן. כאָטש דער שטן איז ניט שולט מהרת יום הכּפּורים. ווי ער איז נאָר געקו־

מען אַהיים, ערשט ניט דער גאָראָדאָוואָי אַליין, — דער אָקאָלאָדאָטשניק בכבודו ובעצמו געקומען מיט צוויי גאָראָדאָוויעס מאַכען איצט אַ סוף אַנ'עק מיט משה מאיר'ן. אַהין, אַהער.

קאָנטיג ס'איז לעדיג געוואָרען ערטער. פאַרהאַן וואַקאַנסיעס.

„שטראָף!“ — האָט משה מאיר געזאָגט, מיט דעם לשון: גירא בעיניך שטנא, איך לאַך היינט פון אַייערע קעפּ.

ער האָט אַרויסגענומען די בייטעלע געלד, גע־צעהלט פריהער אַליין, דערנאָך דער אָקאָלאָדאָטשניק.

איין מאָל געצעהלט, צוויי מאָל: צוועלף רובל מיט 75 קאָפּיקעס. ער האָט זיך געבעטען לאָזען איהם אַרויסלויפען כאַפען אַ גמילות חסד און געבעטען מחילה דעם אָקאָלאָדאָטשניק פאַר'ן וואַרטען. אָבגע־ראַמט אַ שטוהל פאַר איהם און אַרויסגעלאָפען כאַ־פען דעם גמילות חסד. און אַ גאָראָדאָוואָי שטעהט און גיט אַכטונג ליתר בטחון.

ער לויפט אַהין, אַהער, קיינער לייהט נישט. אַלע ווייסען אויף וואָס דער גמילות חסד איז. אַ שכן פון זיינע שכנים ווערט אַוואַי ניט לייהען, ער ווערט איהם דערנאָך אויסשטעקען פינף פינגער, זאָגען איבער אַייך, רוצחים, האָב איך דעם אַקט.

אין הויז אַלע מעשיות, אַפילו אין מיטען זמן בּאָרגען אַפילו אין אַ קרעמיל אַ הערינג האָט מען אויך קיין חשק ניט. ער איז ניט קיין גברא דפורענא, און בפרט סוף הזמן אַ גמילות הסד אויף צאָהלען שטראָף.

אומגעלאָפען אַהין, אַהער, קיינער לייהט ניט. ווער איז מחויב קריכען מיט אַ געזונד קאָפּ אין אַ קראַנקע בעט.

אַריַין אין שטוב געמאַכט מיט די הענד: ניעט!

— טאַק פּאָדיאָם! — זאָגט דער אָקאָלאָדאָט־שניק.

ער האָט זיך געפּרובט אָבּבעטען אויף מאָרגען. אויף פּאַרנאַכט. ער וועט ,אַרויס אין שטאָדט, וועט ער קריגען אַ גמילות חסד.

דער אָקאָלאָדאָטשניק האַרט ווי אַ שטיין. איינס צווישען די צוויי, אָדער איינגאַנצען איצט, אָדער געהן מיט איהם.

נאַ דיר, קעצעלע מיינע, די בּייטעלע — זאָגט ער דער ווייבּ מיט שמחה, בּעסער געהן אָפּזיצען. און די 12 רובּל מיט 75 קאָפּ. וועט בּלייבּען. נעם צו, פּיי־געלע. אַ האַלבּ קנעלונג נעמאַכט, די איבּעריגע וועט זיך דערמאַכען נאָך סוכות, אסרו חג געה איך אַרויס.

ער האָט איהר אַרויסגעגעבּען פּעראָרדנונגען, וואו־הין צו געהן בּעטען קינדער און איבּערהויפּט צו איי־נעם אַ בּעל־הבית פּלאָטקין, וואָס ער קאָן איהם בּשום אופן אין דער היים ניט געפינען. צוויי יונגלעך האָט ער.

— נו, זיי געזונד — זאָגט ער בּיילקען, די ווייבּ זיי־נע, און צום אָקאָלאָדאָטשניק פּאַדיאָם!

אַוועק אין פּאָליציי, געוואַרט בּיז ס'איז פּאַרטיג געוואָרען דער ראַפּאָרט, און אַוועק מיט אַ גאָראָדאָוואָי אין „ווּיסעדניע".

אַריין, ליכטיג געוואָרען איהם אין די אויגען. בּעלי בּתים פון הדר־יונגלעך פיעל דאָ, און פּלאָטקין איך בּתוכם.

פון גרויס שמחה, געוואַשען די הענד מיט שפּיי־אַכץ, אָפּגעווישט מיט אַ פּאָלע און זיך געשטעלט דאַוו־נען מנחה....



поступило въ продажу **ВСЕМІРНО-ИЗВѢСТНАЯ** Новая Популярно-Научная книга:

# „ВСЕЛЕННАЯ и ЧЕЛОВѢЧЕСТВО“

колосальный трудъ д-ра Кремера при участ. знаменит. профес. **Исторія земли, небесныхъ свѣтилъ, растительнаго міра, царства животныхъ и постепенное культурное развитіе человѣчества съ доисторическихъ эпохъ до настоящаго времени. Свыше 860** иллюстрацій, портретовъ и снимковъ съ картинъ: Айвазовскаго, Брюлова, Рафаэля, Рубенса и др. **Болѣе 100.000** строкъ уборист. текста на **1560** страницъ. большого формата книги. **Изданіе извѣстной фирмы Коммерціи Совѣтника Н. В. ГАЕВСКАГО.** Появленіе въ свѣтъ этой солидной и полезной книги найдетъ себѣ откликъ въ каждомъ человѣкѣ стремящемся къ самообразованію.

Отдѣлъ нашей книги; Первобытность – заставляетъ содрогнуться передъ тѣми милліонами, быть можетъ, милліардами лѣтъ, которыя прошли въ постепенномъ развитіи Вселенной до настоящаго времени,

Не менѣе интересна исторія возникновенія и развитія человѣческаго рода. Значительное мѣсто занимаютъ, и такъ называемыя, міровыя трагедіи: всемірный потопъ, землетрясенія и наводненія, крушенія цѣлыхъ областей и многихъ тысячъ народа. Большинство моментовъ постепеннаго развитія природы и человѣчества иллюстрировано, снимки съ цѣнныхъ коллекцій старинныхъ гравюръ Пикара. Дрезденской галлереи, Луврскаго музея. Лондонскаго музея. Эрмитажа и съ некоторыхъ коллекцій американскихъ милліардеровъ.

Книга „Вселенная и Человѣчество“ въ другомъ изданіи стоила 33 руб. Настоящее изданіе, случайно пріобрѣтенное, временно распродается за цѣну, съ упаковкою и пересылкой, вмѣсто **7 руб. за 4 руб. 85 коп.,** въ Сибирь на рубль дороже. Книга высылается по полученіи денегъ.

**Заказы исполняются: единствен. складъ для всей Россіи**
**С.-Петербургъ,** Пет. стор. Большой пр. № 56, **Я. К. ПЕТЕРСЪ.**

---

# 1-е ЗАОЧНЫЕ КУЛИНАРНЫЕ КУРСЫ

**Полный курсъ лекцій** для обученія **Скромный и постный столъ“** около 1000 рецептовъ кушаній, напитковъ, печенія, компотовъ, вареній, сладкихъ блюдъ, пироговъ и др. слишкомъ 300 стр. убористаго шрифта. Цѣна съ перес. налож. пл. 2 р. 60 к. **наставленіе**, какъ правильно вести домашнее хозяйство и приготовлять экономич. вкусные и питательные обѣды съ приложеніемъ разрѣзки мяса и украшенія стола блюдъ около 100 стр. съ рис. Цѣна съ перес. налож. платежомъ 1 р. 20 к. Обѣ книги вмѣстѣ 3 р. 35 к. (можно марками). Съ заказами обр. исключит. къ **Я. К. ПЕТЕРСУ** С.-Петербургъ, Петербургская стор. Большой просп. № 56, 428.

40 ДНЕЙ

# БЕЗПЛАТНО!

Если вы въ теченіе 40 дней не выучитесь свободно говорить, читать и писать по нѣмецки, французски, англійски и латински по нашимъ самоучителямъ составленнымъ по новѣйшему методу (всѣ другіе—реклама), деньги возвращаемъ обратно. Цѣна самоучит. одного языка съ пересылкой наложеннымъ платежемъ 1 р. 10 к. 2-хъ—1 р. 90 к. 3-хъ—2 р. 80 к., 4-хъ—3 р 65 к. Заказы исполняются един. складомъ для всей Россіи: С.-Петербургъ, Петерб. сторона, Большой просп., 56—583. **Я. К. ПЕТЕРСЪ.**

БЕЗПЛАТНО

40 ДНЕЙ

נייעס פאר יודען, וואס וואהנען אין דער פראווינ

● יודישע פעטערבורגער ●

# אנזיכטסקארטען.

## סעריעס פאסטקארטען

מיט קינסטלעריש אויסגעארבייטע בילדער:

פון דער נייער יודישער שוהל (סינאַגאָגע), פון די דענקמאלער אויפ

באראָן ד. ג. גינזבורג, אויפן בעוואוסטען סקולפּטאָר **אנטא**

קאלסקי און אנדערע

**ווערען ארויסגעשיקט** נאָכן ערהאלטען דריי **7** קאָפּיקע

פּאָסטמאַרקען.

מיט פאדערונגען זיך צו ווענדען:

**С.-Петербургъ,** Верейская, **14,** книгоиздательство **„ПРОВИНЦІАЛЪ“.**

—( פאדערט אומזיסט אונזערע קאטאלאגען. )—

אדרעס:

**Н. и Л. Бабицкимъ, Вильна, почт. ящ. № 86.**

**N. & L. Babitzky, Wilna, Posctfach, № 86.**

דרוקעריי ב. א. קלעצקין, ווילנא, קליין-סטעפאן גאַס אייגענע הויז.




# הומאָריסטישע ביבליאָטעק

פרייז 5 קאפ  № 3

**מ. ג. סאַפיר.**

## דאָס בוך פון מזל

## א מענש, וואָס וויים מעהר ווי אלצדינג

## א טאָג אין זומער-שפרינקלעך.

אויסגאַבע „אחים" ווילנא.
1913

Золотая. Антверпенъ 1906. Золатая. Вѣна 1907. Серебр. Ростовъ н/Д 1908. Золотая Брюссель 1910 **GRAND PRIX.** Высшія награды на русск. и заграничн. выставкахъ.

# МОЛОДОСТЬ и КРАСОТА

пріобрѣтаются лишь при употребленіи

**ВЫСШЕЙ АМЕРИКАНСКОЙ КОСМЕТИКИ**

# „ИмшА МетаморфозА"

**Американскій кремъ „Имша Метаморфоза"**

Бол. банка 1 р. 70 к. Малая банка 50 к.

**радикально УСТРАНЯЕТЪ ВЕСНУШКИ, пятна, угри и морщины и придаетъ лицу свѣжій, чистый и бѣлый цвѣтъ**

**Американское мыло „Имша Метаморфоза"**

изготовляется на чистомъ бензоевомъ экстрактѣ.

**Универсальное туалетное средство для семьи и дома. Придаетъ кожѣ неувядаемую чистоту и молодость.**

Большой кусокъ—50 коп., малый—30 коп.

ПУДРА одно изъ косметическихъ средствъ, необходимыхъ и употребляемыхъ всюду, но не всегда оно находится на высотѣ предъявляемыхъ къ ней требованій: часто пудра содержитъ въ себѣ отрицательныя вещества, дѣлающія употребленіе ея не только безполезной, но положительно вредной. Наилучшей пудрой, свободной отъ указанныхъ недостатаковъ и придающей лицу бѣлый и нѣжный цвѣтъ, охраняя его отъ всякихъ дефектовъ кожи, является **американская гигіеническая ПУДРА „ИМША МЕТАМОРФОЗА"**, коробки въ 75, 50 и 15 коп.

**ПЫШНЫЕ ВОЛОСЫ** самое важное украшеніе женщины. Среди многихъ туалетныхъ средствъ, рекомендуемыхъ для волосъ, самое выдающееся положеніе занимаетъ **американскій растительный бальзамъ „ИМША"**, обладающій многими цѣнными качествами, пріостанавливающій выпаденіе волосъ и способствующій ихъ пышному росту.

Флаконъ 1 руб. 75 коп.

**ПЕРХОТЬ** одна изъ самыхъ непріятныхъ болѣзней волосъ и головного покрова, отъ которой необходимо быстро и радикально избавиться. Наилучшимъ средствомъ, достигающ. этой цѣли, является **Американское мыло COLUMBUS** (Колумбусъ) укрѣпляющее корни волосъ и совершенно устраняющее перхоть.

Большой кусокъ—50, малый—30 к.

Послѣдная новинка! Требуйте ЛУЧШІЕ въ МІРѢ ДУХИ **„Иллюзіонъ Имша"**

— ЦВѢТОЧНЫЙ СОКЪ БЕЗЪ АЛКОГОЛЯ. —

**Продажа въ лучшихъ аптекарск. и парфюмерн. магазинахъ**




מ. ליבאָווסקי

# הומאָריסטישע ביבליאָטעק

№ 3.　　　פּרייז 5 קאָפּ



אויסגאַבע „אחים" ווילנא.
1913

איז געווען כ"ה פיער מאָל אין טיראַזש און האָט אַפילו אַצוּבראָכענעם גראָשען ניט געוואונען, האָט ער זיך ענטזאַגט פון זיין פיערטעל; מעשה שטן אָבער האָט דער בילעט ביים פינפטען טיראַזש, צו זיין שלים-מזל, געוואונען דוקאָ 12,000 דאָלער און דער שלים׳-מזל׳דיגער רעזירער איז שיער פון זינען ניט אַראָב. „אָ, געמיינעם מזל!" האָט נאָך אַ מאָל אויס-געשריען דער רעזירער און איז הענדום-פענדום פון צימער אַרויסגעשפרונגען.

כ׳האָב זיך גוט אָנגעלאכט פון דעם רעזירער.

אין אַ שעה אַרום, נאָך דער מעשה, האָט די פּאָליציי מיר מיטגעטיילט, אַז כ׳בין אָבגע׳משפט גע-וואָרען צו אַ וואָך אַרעסט דערפאַר וואָס כ׳האָב עפענט-ליך אַנים געטהון, און אַז אַ שרייבער ניסט, זאָגט די פּאָליציי, בידוע, אַלע מאָל: „צוגעזונד"! און אום צו זיין געזונד, איז קודם כל נויטיג רוה און איינזאַמקייט. אייסער דעם האָב איך נאָך בעדאַרפט אַריינטראָגען ח"י זהובים קנס.

כ׳בין אַוועקגעלאָפען אין ענגלישען פּאַרק, און מיר האָט זיך אָבגעדוכט, דאָס דאָ אויף יעדער בלע-טיל זיצט דאָס מזל און מאכט חוזק פון מיר. פּלוצ-לום האָט עמיץ אַ פּאַטש געטהון מיר איבער׳ן פּלייצע: „גוטען אָוועגד!" כ׳האָב זיך מיט פערדרוס אומגע-קעהרט: פאַר מיר איז געשטאַנען אַ יונגער מאַן, וועל-כען כ׳האָב אין דעם ערשטען אויגענבליק אָנגענומען פאַר אַ קונצען-מאַכער.

— „מיט וועמען האָב איך די עהרע?"—האָב איך געפרעגט.

— „כ׳בין—האָט ער געענטפערט,—דאָס מזל זעלבסט, און כ׳וועל דיר ווייזען. אַז דאָס מזל איז

נישט אַזוי געמיין, ווי דו מיינסט. נאַ דיר דעם שלי־
סעל פון מיין קאַנצילאַריע אין געה דו יעצט פּאַ־
ראַנדיר מיט'ן מזל. קוק זיך צו, וואָס די מענשען שריי־
בען אַריין אין דאָס בוך פון די פערבאָרגענע פער־
לאַנגען און דאַן זאָג מיר, צו איז פאַראַן וואָס צו מקנא
זיין דעם מזל פון מזל? איך וועל דערווייל אַ געה
טהון אין פּאָליציי און וועל זאָגען, מ'זאָל מיך אַריינ־
זעצען אין אַרעסט.

און כך הוה.

— „צום טייפעל", האָב איך געטראַכט, ווען
די פּאָליציי זאָל וויסען, אַז אין איהרע הענד איז
אַריינגעפאַלען דאָס מזל, וואָלט זי איהם זיכער אַוועק־
געזעצט אויף ברייט מיט וואַסער".

כ'האָב זיך פערקליבען אין דעם מזל'ס קאַנ־
צעליאַריע, וואו ס'איז געלעגען דאָס בוך פון די פערבאָר־
גענע פערלאַנגען און נעבען איהם „עג מלך הבשנים"
פעדער פאַר אַלע בעזוכער. אין אַ קליינער צייט האָט
זיך אַהער פערזאַמעלט אַ גרויסער המון.

קודם כל זענען געקומען בעלי בתים, וואָס האַל־
טען פרוכט־גערטנער אין אַרענדע און האָבען געפּאָ־
דערט אַ גוטען וועטער. גלייך נאָך זיי זענען געקו־
מען—שוסטער־ פוהר־לייט, שירעם־מאַכערס און האָ־
בען געבעטען, פערקעהרט, אַ שלעכטען וועטער. נאָכ־
הער זענען געקומען אָרימע לייט און האָבען געבע־
טען אַ וואַרימען ווינטער. די האָלץ־הענדלער, פער־
קעהרט, האָבען געבעטען אַ קאַלטען ווינטער, די אינ־
האַבער פון רעסטאָראַנען, עופות־פערקויפער, וויין־הענד־
לער האָבען געוואונשען דער נאַגצער מענשהייט אַנ־
אַפּעטיט פון אַ זולל וסובא" און אַ געזונדען מאָגען,
וואָס זאָל פערדייען דעם „שור הבר" מיט'ן לויתן",

די דאָקטוירים, פערקעהרט, מיט די אַפּטייקאַרעס און „חברה קדישה"-לייט האָבען צוגעוואונשען דעם עולם אייביגע זאָרג מיט'ן מאָגען און שטערבליכע לייגג-וויילינקייט. ס'האָבען גענומען געהן פּויערים, קינסט-לער, האַנדווערקער און האָבען מתפלל געווען' ס'זאָל זיין שלום אויף דער ערד, אָבער אין אַ מינוט אַרום זענען געקומען זעלנער, אַדוואָקאַטען, ספּעקוליאַנטען און פּאָדריאַדען-צושטעלער און האָבען געבעטען אויף מלחמות.

נאָך זיי זענען געגאַנגען דירעקטאָרען פון טעַ-אַטער'ס און האָבען געבעטען גוטע פּיעסען, זענען אָבער באַלד געקומען רעצענזענטען און האָבען גע-וויינט, מ'זאָל זיי געבען שלעכטע פּיעסען. יונגע בתולות האָבען געבעטען, „אָ, באַרעמהערציגער מזל, נור מאַנס-פּערזאָנען!" זענען געקומען גלייך די מענער און האָבען אַזש ביז הייזעריג געשריען: „אָ, באַרימהערציגעס מזל, נור ניט קיין פרויען!"

אַ בעגאַבטע אַרטיסטין האָט געבעטען אַפּלאָ-דיסמענטען, איז נאָך איהר געקומען נאָך אַ מעהר בע-גאַבטע און האָט זיך געבעטען, מ'זאָל די ערשטע אויספּייפען.

צייטונגען האָבען זיך געוואונשען, ס'זאָל פערר-גרעסערט ווערען די צאָהל אַבאָנענטען, די אַבאָנענ-טען, צוריק, האָבען געבעטען, ס'זאָל וועניגער ווערען די צאָהל צייטונגען.

ס'זענען אויך געקומען אַלע גע'שמד'טע יודען פון ענגלאַנד און האָבען געבעטען רחמים, אז דאָס געזעץ וועגען דער יודישער עמאַנסיפּאַציע זאָל ניט דורכגעהן, דען אַנדערש וואָלט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי האָבען זיך אומזיסט, נעביך, גע'שמד'ט. ס'איז

אָבּער גלייך געקומען צופליהען דער גייסט פֿון דער ענגלישער נאַציע און האָט געזאָגט:

„נעהמענדיג אין אַכט, דאָס ענגלאַנד בעשטעהט, איינענטליך, פון לויטער יודען, — לכן איז אונפערשטענדליך, וואָרום בעדאַרף נור אַ קליינער טייל בלייבען ניט עמאַנציפירט“.

ס׳זענען געקומען פערשיעדענע פעלקער און האָבען אַ עפענטליכען געריכט געבעטען, נאָר דער געריכטס-שטאַנד האָט דוקא פערלאַנגט ניט קיין עפענטליכען געריכט.

הקצור, יעדער האָט פערלאַנגט עפּעס אַנדערש, און כ׳האָב, במחשבות׳ין, אַ קלעהר געטהון וועגען דעם, ס׳אַראַ ביטער רחמנות ס׳איז, נעביך, אויפ׳ן מזל אונזער׳ן, און ווי מיר זענען געגען איהם אונגערעכט. אין דער זעלבער צייט איז ער אַליין אויך אַריינגעפלויגען און האָט אויך עפּעס אַריינגעשריעבען אין דאָס בוך פון די פערבאָרגענע פערלאַנגען. ער האָט געוועלט צוריק ווערען מזל: „דען ער האָט איינגעפונען, אַז ס׳איז פאָרט בעסער, ווען דאָס מזל האַלט די פּאָליציי אין די הענד, איידער די פּאָליציי האַלט דאָס מזל אין די הענד“.

געגען דעם האָט מען נישט געקענט האָבען קיין טענות. כ׳האָב ווידער אָבגעטראָטען דעם מזל זיין אָרט און ער האָט מיר ערלויבט אַריינצושרייבען אין בוך פון די פערבאָרגענע פערלאַנגען איין וואונש, וועלכער האָט געזאָלט מקוים ווערען.

אויף איין רגע בלויז האָט זיך ביי מיר פערדרעהט דער קאָפּ, אין מיין דמיון זענען ראַפּטום אויסגעוואַקסען גאָלדענע בערג און פערבשופ׳טע שלעסער. פאַר מיינע אויגען האָבען שעמערירט טיטלען

און מערדאַלען, פונ׳ם פערדומפּפטען קבר פון מיין הארצען זענען אויפגעשטיגען גליקליכע חלומות. לאָרבער־בוימער האָבען פריינליך געשאָקעלט צו מיר מיט זייערע טיעף־זיניגע שפּיצען. גן־עדן־טאָלען האָבען געריייצט מיט זייער פּיעל־פאַרביגקייט און ריח־ניחח׳דיגען בלומען־רעגען,—נור אויף אַ יונגען צוויי־געל פון אַ גרינע איווע איז געהאַנגען אַ פּשוט׳ע פּייפעלע. זיינע קלאַנגען האָבען זיך געטראָגען צו מיר, ווי אַ ווייטער פריינדליכער גרוס, ווי אַ שטימע פון אַ פערשטאָרבענער מוטער, ווי אַן „אל מלא רחמים“ אויפ׳ן ראַנד פון אַ קבר,—און פון דעם גאַנ־צען שעמערירענדען גלאַנץ אַרום מיר איז געוואָרען עפר ואפר.



# א מענש וואס ווייס מעהר ווי אלצדינג.

## פון מ. סאַפּיר.

ליעבער לעזער, דיר האָט זיך געוויס געמאַכט אויף דיין לעבען צו בעגעגענען אַזעלכע צווייפיסיגע ברואים, ווען דו פלעגסט מוזען פערוואונדערט אַ טראַכט טהון: צו וואָס האָט דער רבונו של עולם זיי געבראַכט אויף דער ליכטיגער וועלט. דוכט זיך, אַז זיי לעבען נור צוליעב דעם, אום אויסצופּרובען אונזער געדולד און עניוות. קיין אַנדער נאָמען, ווי אַ „שטראָף פון זיין ליעבען נאָמען”, איז גאָר נישט מעגליך פאַר זיי אויסצוקלעהרען; זיי דאַרף מען קע־נען איבערטראָגען און דולדען, ווי אַ שטייגער אַ גזר מן השמים, ווי אַ שטראָף פון גאָט. אָבער איך טהו נאָך מעהר—איך נוטץ זיי אויס. איך בעטראַכט זיי, אַלס מאַטעריאַל פאַר האָנאָראַר, וועלכע דער עווי־גער שיקט צו זיינע ליעבלינגס־קינדער—די הומאָ־ריסטען. אין יעדען נאַר, אין יעדען שוטה, אין יע־דען, אַזוי גערופענעם, „אָנשיקעניש פון זיין ליעבען נאָמען”, זעה איך אַנ׳אַסיגנירונג פון דער קלוגער נאַטור אויף א הומאָריסטישע ערצעהלונג אָדער אַ סאַ־טירע, פאַר וועלכע מ׳קען אין דריי טעג אַדום בעַ־קומען אַ געוויסע סומע מזומנים. אַ שוטה, ליעבער לעזער,—איז אַ טייערער מענש: דאָס איז אַ הכנסה׳־דיגע קוועלע פאַר אַ סאַטירע; אט. למשל, מיט פּשוט׳ע נאַראָנים—איז אַ ברכה לבטלה. שוטים אָבער

ענען מײנע משרתים; שוטים זענען מײנע גיטער. יעדעס יאָהר טראָגען זײ מיר אַײן כך־וכך. דאָס איז אַ רענטע כל זמן כ׳וועל לעבען! אַנדערע רײזען איבער דער וועלט, אום צו בעקענען זיך מיט גרויסע װעלטענע לײט; אין דער אמת׳ן אָבער איז עס אַן׳ אַרויסגעוואָרפענע אַרבײט. גרויסע מענער זענען כמעט אַלע גלײך אין גײסט. איך רײז אום, צו ערלעהרנען, קענען די שוטים און זײ אַלײן בכבודם ובעצמם זענען נאָך מחויב צו בעלוינען פאַר מײן רײזע.

כ׳זיץ אָפטמאָל אין רעסטאָראַן און בעקען זיך מיט אַ נײעם מין שוטה. און טאַקי תוך כדי דבור שאַץ איך איהם אָב און פרעג זיך אַלײן: וויפיעל הכנסה קען דיר אַזאַ אײנער אַרײנטראָגען? אויב דאָס איז אַ טײערער שוטה, אַ פעטס, טרינק איך גלײך אויס אַ גלאָז שאַמפּאַניער, און דער שוטה שפּירט גאָר ניט, אַז ער אַלײן בעצאָהלט עס דערפאַר.

אַלזאָ, ליעבער לעזער, כ׳וועל דיר פון צײט צו צײט פאָרשטעלען אַזעלכע פאַרשוינען. יעדער וואָך אָדער יעדע צװײ וואָכען וועל איך דיר פאָרשטעלען אײנעם פון זײ אין עסיג און אין פּוטער, אין דעם זעלבער געשטאַלט. ווי ער איז מיר אין לעבען געקומען פאַר מײן שרײבערישער האַנד.

כ׳זאָל האָבען צו פונפצעהן שוטים אַ יאָהר, קען איך לעבען, ווי אַ שררה, און אויב ס׳זאָלען אָנלויפען נאָך אַ צעהנדליג, — קען איך דאַן אַפילו אַן׳ אײגענעם עקיפּאַזש פערמעגען.

דאָ ניט לאַנג האָב איך געבעטען די האַנד בײ אײנער אַ פרײלין. „האָט איהר עפּעס אַ זיכערע הכנסה?" האָט געפרעגט דער פאָטער, כ׳האָב איהם

אַוועקגעפיהרט צו זיך, געעפענט מיינע קאַסטענס און שופלאָדען און האָב איהם בעוויזען, וויפיעל פערמאַרינירטע שוטים כ'האָב שוין אָבגעלעגט אויף ווינטער, נאַכהער האָב איך איהם אַוועקגעפיהרט איבער'ן שטאָדט און בעוויזען איהם, וויפיעל נאָך נישט בעצאָהלטע „טשעקען" פון דעם זעלבען אַרט זענען נאָך אַרומגעלאָפען איבער די גאַסען.

דאַמאָלט האָט דער פאָטער פון דער פריילין געזאָגט צו מיר: כ'זעה שוין, אַז איהר זענט פער־זאָרגט אויף אייער גאַנצען לעבען. איהר קענט חתונה האָבען מיט מיין טאָכטער!

כ'בין געוועזען אויסער זיך פאַר פרייד, דאָס ביי מיר וועט זיין אַ פלונית'טע, און דערום האָב איך תיכף ומיד בעשלאָסען זיך אַליין אויסנוצען אַלס שוטה.

היינט, ליעבער לעזער, וועל איך דיר פאָר־שטעלען אַ פאַרשוין, וועלכער ווייסט אַלץ און זאָגאַר נאָך מעהר, ווי אַלץ! נישט אמת, אַ מענש, וואָס ווייסט אַלץ און נאָך מעהרער, איז אַ יקר המציאות? וויסען בלויז נור אַלץ—איז נישט קיין גרויסע חכמה, דערצו איז גענוג צו האָבען אַנ'ענציקלאָפעדישען ווערטער־בוך, נאָר וויסען מעהר, ווי אַלץ—דאָס איז שוין אַ קונץ! מעהר, ווי אַלץ—דאָס וועסטו ניט גע־פינען אַפילו אין דעם לעצטען באַנד פון אַנ'אַנציקלאָ־פעדישען ווערטער־בוך,—און דאָך ווייס מיין זעלטע־נער פאַרשיון דאָס אויך.

בשעת מיינע נסיעות האָב איך נישט איין מאָל געהאַט דאָס גליק צו עסען מיטאָג אין רעסטאָראַן מיט דעם פאַרשוין, וואָס ווייס אַלץ און זאָגאַר מעהר, ווי אַלץ, און כ'ווייס ניט, ווי זאָל איך דאַנקען דעם

רבוש״ע, וואָס ער האָט נור איינעם אַזאַ בעשאַפען; ווען ס׳וואָלט, חלילה, געווען אַ פּאָר אַזעלכע,—וואָלט אוי ףדער וועלט אין גיכען אַ הונגער געוואָרען. דער פאַרשוין, וואָס ווייסט אַלץ און זאָגאַר מעהר, ווי אַלץ, האָט שוין איינגעשלונגען אַלע וויסענשאַפטען, און דאָס שלינגען איז געוואָרען זיין צווייטע טבע און אַזוי ווי אויף אַלץ אין לעבען קוקט ער פון דעם וויעסנשאַפטליכען שטאנד־פונקט, דערום שלינגט ער טאַקי איין אַלץ: זופּ, פלייש, גרינס, געבראָטענס. סאַלאַט, קעז, קאָמפּאָט—מיט איין וואָרט. אַלץ. וואָס געפינט זיך אויפ׳ן טיש, איז איהם בעקאַנט פון דעם וויסענשאַפטליכען שטאַנד־פונקט, און ער איז וויסענ־שאַפטליך בעקאַנט מיט אַלעם מיטאַנאַנד. דערום שלינגט ער איין אַלץ אויפ׳ן וויסענשאַפטליכען גרונד. דאָס אַזוי אַרום פרעסט ער אויף אַלץ און זאָגאַר נאָך מעהר, ווי אַלץ ווענען זופּ, למשל, ווייסט ער, אַז ער איז הייס און נאַס, און בעווייזט אייך דאָס מיט אותות ומופתים! דאָס אַפילו ווייסט יעדער, נאָר ער ווייסט נאָך מעהר, ווי דאָס,—ער ווייס, פאַרוואָס איז דער זופּ הייס און פאַר וואָס נאַס, און ער בע־ווייזט דאָס מיט קולי־קולות און מיט גדלות: „ווייל דער זופּ האָט זיך געקאָכט אויפ׳ן פייער און ווייל זיין הויפּט־טייל איז וואַסער!״ דאָס אָבער אַפילו ווייסט יעדער, נאָר ער ווייסט נאָך מעהרער: ער האָט ער־לעהרענט די שפּראַך פון די פּעטס־אייגעלעך אין זופּ, און פון זיי געהט ער שוין אַריבער צו דעם איינ־אייגעלדיגען קאָקליוס, צו דעם טווזענד־אייגעלדיגען אַרגוס, צו די אייגעלעך, וואָס אויפ׳ן עק פון אַ פּאַ־ווע, צו דעם, ס׳אַראַ גרויסע אייגען ס׳האָט אויפגע־עפּענט צעזאַר, בשעת ער האָט אויסגעשריען: „און

דו אויך, ברוט!״, און ווי האָט די געטין דידאָנאַ, צוגעזשומערט די אויגעלעך, בשעת זי האָט זיך בע־האַלטען מיט ענייען אין גיהנום. פון די אויגען געהט ער אַריבער צו אַ חילעס היהנער־אויגען, דערביי שרייט ער אַזוי, דאָס אַלע זיצען מיט אויפגעעפענטע מיי־לער. און ער פרעסט אויף דערווייל דעם גאַנצען זופ און זאָגאַר נאָך מעהר, ווי דאָס.

אַז מ׳דערלאַנגט פלייש, וויס ער, וואָרום און פאַרוואָס איז דאָס האַרט אָדער ווייך. דאָס אַפילו ווייסט יעדער, נאָר ער ווייסט נאָך מעהר, ווי דאָס.

ער ווייסט און בעווייזט מיט קולות און מיט חשיבות, אַז דאָס פלייש איז דערום האַרט, ווייל עס האָט זיך וועניג געקאָכט, און דערפאַר ווייך, ווייל ס׳האָט זיך צו לאַנג געקאָכט.

ער האָט זאָגאַר פערזענליך געקענט דעם אָקס, וועמעס פלייש מ׳האָט דערלאַנגט, און פון דיעזען פלייש געהט ער שוין אַריבער צו רובענס בילדער, צום „שור הבר״, צו מגושמ׳דיגע תאוות, צו פערקערפער־טע ליבעראַלען, צו די קרבנות אין בית־המקדש, צו דעם פלייש־געבריוך אין יום־טובים און א. וו. דערביי שרייט ער מיט אַזעלכע קולות דאָס, אַלע בלייבען פערגליווערט מיט אָפענע מיילער, און ער פרעסט אויף דערווייל דאָס גאַנצע פלייש און זאָגאַר מעהר, ווי דאָס! אַז מ׳דערלאַנגט אַ מעהל־געריכט. וויס ער שוין, צו איז עס פון שוואַרצע מעהל אָדער פון ווייסע. דאָס ווייסט הגם יעדער, נאָר ער ווייסט נאָך מעהר, ער וויס, פאַרוואָס איז עס, למשל, פון שוואַרצע מעהל, אָדער פון ווייסע. דערפון מאַכט ער אַ פועל יוצא וועגען דעם חאַראַקטער פון דער קעכין און וועגע יאַהר אַרטיגקייט. פון דעם מעהל־געריכט געהט ער

אַריבער צו די מעהל, פון וועלכע שרה האָט, כידוע אויסגעבאַקט אַ קוכען פאַר די דריי מלאכים. ער האָט פערזענליך געזעהן דיעזע מעהל.

פון שרה'ן מאַכט ער אַ שפרונג צו ראָבינזאָן און צו זיין מעהל (ביי איהם איז זאָגאַר פאַראַן אַ הויפען פון דיעזע מעהל), פון ראָבינזאָנען טהוט ער אַפליה אין אונאַלאַשקע, וואו מ'מאַכט מעהל פון האָלץ-שאָלעכץ, פון וועלכער ער אַליין האָט אַמאָל אויסגעבאַקט צוויי חלות. פון אונאַלאַשקע מאַכט ער נאָך אַ העכער'ן פליה—אין רוים, וואו די וועס-טאַלקעס האָבען זיך געפידרעט מיט מעהל. (ביי איהם זעלבסט איז פראַן אַפילו אַזאַ פוך-קיסעלע). פון דאָרט לאָזט ער זיך אַראָב צו דעם האָניג-מעהליגען טהוי און ערקלעהרט, ווי אַזוי אַרום ער פאַלט פון הימעל אַלע פריה-מאָרגענס אויף דער ערד, און ווי ער אַליין האָט איין מאָל בעשאָטען אַלע פלאַנצונגען מיט אַזאַ קינסטליכען טהוי און האָט זיי אויף אַזאַ אויפן אין אַ טעות אַריינגעפיהרט. פון דעם מעהל-טהוי קריכט ער אַוועק צו די מעהל-ווערים און פערזיכערט, דאָס ער אַליין זאָגאַר האָט געמאַכט איי-ניגע מעהל-ווערים און אַ. וו. דערביי רייסט ער זיך אַזוי אויפ'ן האַלז, דאָס אַלע ווערען פערגליווערט מיט אָפענע מיילער און ער פרעסט אויף דערווייל דאָס גאַנצע מעהל-געריכט און זאָגאַר נאָך מעהר, ווי דאָס.

ביי דעם געבראָטענס טרעפט ער גלייך, צו האָט מען דערלאַנגט אַ צונג צי אַנ„עוף"; דאָס וויים אַפילו יעדער, נאָר ער ווייסט נאָך מעהר, ער וויים, פאַר וואָס איז דאָס ניט קיין צונג, אָדער פאַר וואָס איז דאָס ניט קיין „עוף". פון דעם געבראָטענס געהט ער מיט גרויס התלהבות אַריבער צו דעם געבראָטע-

נעם „שור הבר״, מיט וועלכען מ׳וועט מכבד זיין אויף יענער וועלט די צדיקים צו דער סעודה (ביי איהם איז זאָגאַר דאָ אַ ליטאָגראַפירטער בילד פונ׳ם שור הבר):

דערביי שרייט ער אַזוי, דאָס אַלע ווערען פער-גליווערט מיט אָפּענע מיילער און ער פרעסט אויף דערווייל דאָס גאַנצע געבראָטענס און זאָגאַר נאָך מעהר ווי דאָס.

הקצור, ליעבער לעזער, ער ווייס אַלץ און תמיד נאָך אַביסעל מעהר. ווי אַלץ.

מיר ווייסען אַלע, דאָס די וועלט איז בעשאַפען פון תהו-ובהו, נאָר ער ווייסט נאָך מעהר, ווי דאָס: ער ווייסט, ווי האָט אויסגעזעהן דער תהו ובוהו, ער גיעט זאָגאַר דייטליך צו פערשטעהן, דאָס ער פער-זענליך האָט עפּיס אַריינגעטהון אין דער יצירה.

אַלזאָ, וואָלט דען נישט אַ חטא געווען, ליעבער לעזער, ווען כ׳וואָלט פון דיר בעהאַלטען די בעשריי-בונג פון אַזאַ מענשען, וואָס ווייסט נאָך מעהר, ווי אַלצדינג?



# א טאג אין זומער־שפרינגלעך.

אָדער

## צו וואָס מען קאָן געפּרובט ווערען אין אַיין שפּאַציער־גאַנג.

פון מ. סאַפּיר.

ס'גיעבּען טעג, ווען מיט אונז געשיהט ניט הלילה, קיין אומגליק פּשוטו כמשמעו, נור עס פּער־פּאָלגט אונז גלאַט אַ רייה קליינע סבות און עגמת נפש. אין אַזעלכע טעג שטעהט אויף אונזער מלאך הגואל אויפ'ן לינקען זייט, און שוין נלייך פון אין דערפריה געהט אַלץ מיט'ן פוטער אַראָב — די פּאַנטאָפּעל איבערגעדרעהט און דער אַרבעל פון שלאָפראָק אויסגעקעהרט.

אין אַזעלכע טעג, וועלכע זענען דורכאויס אויסגעזייהט מיט פלעקען און פּינטעלעך,, וועלכע זענען בּעדעקט, אַזוי צו זאָגען, מיט זומער־שפּרענקלעך, טאָר אַמענש נישט אָנהויבּען קיין וויכטינען עסק, בּעדאַרף נישט פּרובּירען אַ „גמילת חסד" צו מאַכען, נישט בּעשליסען זיך אויף אַ ליעבּעס־ערקלעהרונג, נישט עסען קיין קאַלטע פיש, נישט שרייבּען קיין הומאָריסטישע ערצעהלונגען, נישט שערען זיך די נעגעל און נישט געהן אָבצוגעבּען אַ „יישר כח" עמיצען פון די אַפּוטרופּסים, וואָרום אין אַזאַ געשפּרענקעלטען טאָג וועט איהם קיינער אַפילו אַ צובּראָכענעם גראָשען נישט לייהען, מען וועט איהם נישט אויפנעהמען, וועט ער זיך קאַליע מאַכען, חס ושלום, דעם מאָגען, וועט אָנ־

שרייבען אַ שטות'עריי, וועט זיך איינשניידען דעם פינ־ גער און וועט אָנפלוידער'ן זיין אַפּוטרופּס עפּעס אַנ'־ אויסטערלישע נאַרישקייט.

אין אַזאַ געשפּרענקעלטען טאָג טאָר אַ מענש נישט בלייבען אין דער היים, דען אין אַזאַ טאָג קומען אַלע בעלי־חובות, אַלע עובר בטל'ס, אַלע וויזיטען־מאַכערס, אַלע „פּאָוויעסטקעס", אַלע גבאים פון חברות, אַלע קאָנצערט־דאַמען, אַלע אַנאָנימע בריעף, אַלע העסליכע פּרויען, אַלע געמייגע זשורנאַ־ לען, נאָך פון אין דערפּריה גישטערט אַרום דער קוימען־קעהרער, צו מיטאָג טופּעט אַרום איבער'ן צי־ מער דער „פּאָלאָטיאָר", דער אויבען רוּיכערט, דער ווינד ברעכט אויס אַ שויב אין פענסטער, די טהיר סקריפּעט, דער שרייב־טיש הוידעט זיך. דאָס אָנגע־ פאַנגענע אַרבייט איז ערגיץ פערפאַלען געוואָרען, דאָס בוך, וועלכען דו האָסט ערשט נויטיג, האָסטו אַוועקגעליהען, ביים דיענער איז אַ צאָהן־געשוויר און דאָס גלעקיל אין שטוב איז אויך ראַפּטום שטום געוואָרען..

אין אַזאַ געשפּרענקעלטען טאָג דאַרף מען אויך פון שטוב ניט אַרויס, וואָרום מ'קען, חס ושלום, אויסשטעהן גאָר אַ סך סבות און עגמת נפש און אָנ־ שטויסען זיך אויף פיעל נאַרישע קלייניגקייטען, וועל־ כע וועלען, סוף כל סוף, ווי אַ מאָיל, אויספרעסען די נשמה, וואָס איז בעהאַלטען אַפילו אונטער אַ סאַמע דיקער פעל.

פונקט אין אַזאַ טאָג האָב איך זיך אויסגע־ קליעבען אין פּאַרק. אויפשטעהענדיג פון בעט האָב איך זיך, מעשה שטן, פערפּענטעט מיט איין פוס אין לײלעך און מיין דיענער האָט בעראַפּט זיך בעשעפ־ טיגען מיט דער דראַמאַטישער אויספּלאָנטערונג. אין

דעם רעכטען פאַנטאָפעל האָט זיך, אויף מיין שלמ'מזל, פערוואַלגערט אַ זאַפּינקע, וועלכע האָט זיך פערגלוסט אַריינצופאַלען אַ הין נאָך אין אָוועגד, בשעת כ'האָב זיך אויסגעטהון; די זאַפּינקע האָט זיך מיר אַיינגעגעסען אין פיאַטע, און כ'האָב עס, נעביך, צוקוועטשט. דורכגעהענדיג פון שלאָף-צימער אין קאַבינעט, האָב איך זיך צובוקעט מיט'ן דיענער, וועלכער האָט געטראָגען פאר מיר אַ גלאָז וואַסער און ער האָט מיך טובל געווען פון קאָפּ ביז די פיס. אין קאָפּייניק האָט זיך פערשטויבט דאָס זייער'ל. דער ספירט האָט אויסגעברענט, דאָס מילך האָט זיך אָבגעזועצט. גלייך נאָכ'ן פריהשטיק האָט עפּיס איינער מיר צוגעשיקט אַ דיקע טראַגעדיע אין פינף אַקטען און נאָך עמיצער—אַ העראָישע פּאָעמע אין זיבענצעהן ליעדער—סיי דאָס און סיי יענץ בעדאַרף מען איבערלעזען און אַרויסזאָגען מיין מיינונג. ס'איז געקומען דער פּאַריקמאַכער און האָט מיר אַיינגעשניטען דעם לינקען אויער. נאַכהער האָבען מיך בעזוכט עטליכע רייזענדע ווירטואָזען, אַלע מיט רעקאָמענדאַציאָנס-בריעף. אין איינינע מינוט אַרום האָט מען מיר געבראַכט די קאָרעקטור, וועלכע וואָלט געקענט פון די כלים אַרויסברענגען אַפילו דעם גרעסטען צדיק-תמים.

סוף כל סוף האָב איך בעשלאָסען ביי זיך מאַכען אַ „ויברח“ אין דורכשפּאַצירען זיך אין פּאַרק.

כ'האָב אָנגעטהון דעם מאַנטעל, די קאַלאָשען, מיטגענומען דעם רעגען-שירעם און אַרויס פון שטוב.

צוקלאַפּענדיג הינטער זיך די טהיר, האָב איך צוגעקוועטש דעם ברעג פון מאַנטעל. כ'זוך אין טאַש דעם שליסעל,—ערשט כ'האָב איהם פערגעסען אויפ'ן טיש. כ'האָב ניט געוואוסט, וואָס כ'זאָל טהון.

עפּיס אַ דאַמע, וואָס האָט זיך אַראָבגעלאָזט פון צווייטען גאָרן, האָט דערזעהן, ווי איך קאָרטשע זיך אַזוי, ווי אַ פיש אין נעץ, האָט זי גענומען לאַכען איבער מיין שלים׳מזל... כ׳האָב געמוזט אויסטהון דעם מאַנטעל און אַיינלאַדען אַ שלאָסער. ער האָט בעפרייט דעם מאַנטעל, כ׳האָב איהם אַריינגעטראָגען אין שטוב און גענומען אַנ׳אַנדער מאַנטעל. כ׳בין אַ צווייטען מאָל אַרויסגעגאַנגען פון שטוב; ערשט ביים טויער האָב איך זיך דערמאָהנט, אַז כ׳האָב איבער־געלאָזען די האַנדשוה אין מאַנטעל, — כ׳האָב בעדאַרפט ווידער אויפהויבען זיך נאָך זיי, אַראָבלאָזענדיג זיך פון די טרעפּ האָב איך זיך גלייך אָנגעטראָפען מיט אַ מענשען, וואָס האָט געטראָגען אין דעם אייבערש־טען גאָר׳ן אַ זעקעל מעהל, און אין איין הרף עין איז די רעכטע זייט פון מיין בלאָהען מאַנטעל געוואָרען עהנליך צו אַ ווייסען אונטער־יאַקעל. כ׳האָב זיך וויע־דער צוריקגעקעהרט אין שטוב (דער דיענער איז נאָך אַלץ ניט געווען) אַראָבגעצויגען די קאַלאָשען און געשטעלט זיך אויף אַ שטוהל צו דערלאַנגען די בערשטעל, אָבגעפוצט זיך און אַ דריטען מאָל אַרויס פון שטוב. אַז כ׳בין אַרויס אויפ׳ן גאַס, האָט דער דוואָרניק אַ געשריי געטהון מיר פון הינטערם: „אייער „שאָנאָוואַניע״ האָט פערגעסען אָנטהון דעם צווייטען קאַלאָש!״

מיט׳ן גערודלד טאַקי פון אַנ׳אייזעל האָב איך זיך ווידער אויפגעהויבען צו זיך, אָנגעטהון דעם קאַלאָש און ענדליך בשלום אַרויס אויפ׳ן גאַס.

אַנטקעגען טיר איז געגאַנגען אויף דער אַנדער זייט אַ אינטערעסאַנטע דאַמע. כ׳האָב געוועלט גראַ־ציעז דורכלויפען פאַרבײַ, צוואַרפענדיג אַיהר

אַ צאַרטען בליק, נאָר, צום שלימ׳מזל, האָב איך נישט בעמערקט. דאָס אויף יענער זייט, אויף וועלכער כ׳בין געגאַנגען, האָט מען געהאַקט האָלץ, האָב איך זיך פּערטשעפּעט אָן די „קאָזלעס" און אַ פאַל געטהון אויף די האָלץ. אויפגעפּאַסט מוטה, האָב איך זיך פאָרט אַ לאָז געטהון געגען דער דאַמע; נור אום צו פערמאַסקירען מיין אונגעשיקטקייט מיט עפּיס אַ הלצה׳לע, האָב איך זיך מכין געווען איהר צו זאָגען, דאָס ליעב איהר וואָלט איך גערן אַרויפגעגאַנגען אַפילו אויף אַ שייטער-הויפען פון די האָלץ, נאָר — אָ, ביטערער מזל! אין נאָז זענען מיר, וואַהרשיינליך, פערקראָכען זעגע-שטויב און כ׳פלעג אָנהויבען צו ניסען ווי נור כ׳פלעג פונאַנדערעפענען דאָס מויל. כ׳האָב געמאַכט אַ „ויברח" און איילענדיג דורך דעם דורכגאַנגס-הויף אין קעלנערהאָף, האָב איך זיך אָנגעשטויסען עפּעס אָן אַ קאַסטען. דער טרעגער האָט אויף מיר געמאַכט קולות: „אַך, דו שוטה!" כ׳האָב אַפילו נישט געפּרובט פּוצה פּה זיין אויף אַזאַ קבלת פנים און בין אַריין אין אַ קאַפע-הויז; דאָרט האָב איך געהייסען דערלאַנגען אַ גלאָז קאָפע און אַ ציי-טונג, נור די קאָפע האָב איך פערגאָסען און אין דער ציייטונג, וואָס איך האָב אין האַנד גענומען, האָב איך זיך אָנגעשטויסען אויף אַנ׳אַרטיקעל, וואו מ׳האָט מיך געזידעלט. אבול וחפוי ראש בין איך אַרויס פון קאַפע, נור דער שטן האָט, קענטיג, מיך פערפאָלגט. כ׳האָב נישט בעוויזען צו מאַכען עטליכע טריט, און ווע געשריען! — הינטער מיר איז נאָכגעגאַנגען ר׳ זונדעל קלעק, אָט דער זעלבער, וועלכער הרג׳עט אַוועק ממש מענשען אין די גאַסען מיט זיינע אַנעקדאָטען; כ׳האָב גענומען מאַכען פיס, אום נעלם צו

ווערען פון איהם, אָבער געהט זענט אַ גר ה, אַז דער שטן איז מקטרג. אין דער זעלבער רגע איז פון טויער אַרויסגעפּאָהרען אַ פוהר לאַנג, ווי דער יודי־שער גלות, און האָט מיר פערצאַמט דעם וועג— נישט אַהער, נישט אַהין: פאָראויס די פוהר, אָנגע־לאָדען מיט ביער, אַ הינטערם — ר׳ קלעק אַנ׳אָנגע־גורטער מיט אַנעקדאָטען ממצרים ועד הנה. וואָס פערשטעהט איהר ניט? האָט ער מיך טאַקי געכאַפּט אויסגעבראַכט מיר עטליכע אַנעקדאָטען און האָט זיך מכין געווען צוטראָגען מיר נאָך איינעם, נאָר דאָ האָב איך זיך פון איהם אויסגעדרעהט און בין אַריינ־געלאָפען אין אַ הויז אין דאַווערהאָף. אָבער דאָס האָט מיך טאַקע שיער ניט דאָס לעבען געקאָסט. לויפענדיג בחפזון, האָב איך זיך אָן עפּעס פער־טשעפּעט און אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ פּריילין, וועל־כע האָט געטראָגען אויף אַ שטעקען אַ ווייסע קלייד, כ׳האָב צוגעדריקט דאָס מיידעל צום וואַנד און דאָס קלייד אויף דער ערד אַראָבגעוואָרפען. „נערעטעניש! וואָס, איהר זענט אַלע מאָל אַזוי געשיקט?״ האָט אויסגעפּראַלט דאָס מיידעל.

כ׳האָב זיך געלאָזט לויפען, ווי אַ הירש, און קוים בשלום דערלאָפען צום פּאַסאַזש לאָרענצאָ. נאָר דאָ איז מיר אויך בעשערט געווען צו פערטראָגען עגמת נפש. היות ווי דאָ האָט מען געבויט, האָט מען פאַרבייט מיין נאָז דורכגעטראָגען אַ באַלקע, און כ׳האָב בעדאַרפט, במחילה, אָבוואַרטען אַ ביסעל. מעשה שטן, איז מיר אַ בייזע מחשבה געקומען אי־בערלייענען דאָרטען די מודעות. דער דורכגאַנג איז געווען אַנ׳ענגער, מענשען זענען דורכגעגאַנגען אָנ׳עם רב, ביי די מודעות זענען שוין אויך געשטאָ־

נען אַ היבשער עולם; פּלוצלים איז אויף מיר אַרויפ־געשפּרונגען איינער אַ פאַרבייגעהער און האָט מיך צוגעקוועטשט צום וואַנד, איך, צוריק, האָב צוגע־קוועטשט עפּעס אַ פּעקעל מיט עסענוואַרג, וואָס איינע אַ פרוי האָט געהאַלטען אין האַנד, און עס האָט אַ גאָס געטהון פון דאָרטען געלכלעך מיט אייער־ווייכלעך, אַז כ׳האָב געמיינט, אָט־אָט וועלען זיי מיך פערפלייצען. נו, ווי מיינט איהר. טאָמער איז מיר ווייניג געווען די באָר, האָב איך זיך נאָך געמוזט טובל זיין אין אַ גאַנצען טייך פון עכטע תמימות׳דיגע, נאַאיווע קללות, וואָס די אַלטשינקע האָט אויף מיר אויסגעגאָסען! דער טייך האָט מיר אויסגעדוכט לייני־גער אַפילו, ווי דער לאָרענץ׳ס־פּאַסאַזש און כ׳בין, ווי משוגע, אַוועקגעלאָפען צום בריק.

ס׳האָט געבלאָזען אַ ווינד, ס׳האָט אָנגעפאַנגען אַ רעגען. מיט איין האַנד האָב איך בעדערפט האַלטען דעם רעגען־שירעם און מיט דער אַנדערער צוהאַלטען די הוט!

מ׳דאַרף גענוג געשיקט זיין, אום אין אַזאַ וועטער בשלום דורכגעהן דעם בריק. ערשט אין רעכ־טען מיטען בריק האָב איך זיך בעגעגענט מיט נאָך אַ דורכגעהער, אויך מיט אַ רעגען־שירעם אין האַנד און האַלט אויך צו דעם הוט. מיר האָבען זיך ביידע אָנגעשטויסען איינער אויפ׳ן אַנדער׳ן. געוואָלט שוין פונאַנדערגעהן זיך, האָבען מיר ביידע אָבער אומגע־קעהרט זיך אין איין און דעם זעלבען זייט, האָבען מיר זיך ווידער צונויפגעפּלאָנטערט, איבעראַנייעס ביידע אָבגעשפּרונגען שוין אין דער אַנדער זייט און האָבען זיך אָנגעשלאָגען פּנים אל פּנים. קוים מיט צרות זענען מיר, אָבטאַנצענדיג אַזוי אַ היבשע ווײלע, לויז געוואָרען איינער פונ׳ם אַנדער׳ן.

געלויבט דער אויבערשטער, קוים דערלעבט זעהן עפּעס אַ לאַווע און מיט דער האָפנונג צווישען הייזער מעהר בעשיצט צו זיין פון ווינד, האָב איך זיך געלאָזט לאַווירען מיט מיין שירעם-פּאַראַסאָל.

אָבער אין דער מינוט האָט דער ווינד אַרויס־געריסען ביי אַ פּאַרבייגעהענדיגער דאַמע אַ בייטעלע מיט אַ נאָז־טיכעל, בווג איך זיך אָן מסתמא, אויפ־צוהויבען דאָס, כ'ציה נור אויס די האַנד, און אין דער זעלבער רגע האָט דער ווינד אַראָבגעריסען פון מיר מיין הוט און האָט זי אַוועקגעשמיסען אַזש נור העט-וויט צום יעגערציילע. כ'האָב זיך געלאָזט הענ־דום־פּענדום נאָך דער הוט, דרעהענדיג זיך ווי אַ שלשלת, נאָר דער ווינד האָט איהר אַוועקגעשמי־סען גלייך צו די פיס פון אַ פריילין, וואָס איז געקוי־מען ענטקעגען מיר, כ'גיב זיך אַ וואָרף צו איהרע פיס נאָך דער הוט, די פריילין איז פאַר שרעק אָבגעשפּרונגען אָן אַ זייט און האָט אומגעוואָרפען אַ קויש מיט עפּעל, אַליין אויך אומגעפאַלען און אָט שטעלט זיך פאָר אַזאַ בילד: איך, די הוט, די עפּעל און די פריילין—אַלע זענען אויף ד'רערד און איבער אונז אלעמען שטעהט די פערקו׳פערין און „בענשט" אונז אַלעמען...

פּרובענדיג אויפהויבען זיך, האָב איך זיך ווידער אויסגעגליטשט, די פערקויפערין האָט זיך נאָך מעהר פונאַנדערגעהיצט און אויסלאָזענדיג כל המתה צו אונזער קאָפּ, האָט זי אין דער זעלבער צייט גע'השבונ'ט און געצעהלט דעם סך־הכל פון אַלע קעפּ, דערין אויך פון די עפּעל; דאָס מיידעל האָט געבראַכט אין אָרדנונג איהר טואַלעט, כ'האָב פון בזי־בזיונות געמורמעלט עפּעס אלפי אַלפים

מחילות און אָבגעווישט דעם שטויב. אדער ריכטיגער געזאָגט, די קויט פון מיינע פיס.

פאָלגענדיג, האָב איך פערשפריצט זיך דאָס פנים, נאָר אַז כ'האָב געוועלט אַרויסנעהמען דאָס נאָז־טיכעל — האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז כ'האָב עס איבערגעלאָזען אין טאַש פון ערשטען מאַנטעל. וואָס זאָל מען אָן צו טהון? אויף מיין מזל האָב איך זיך דערמאָהנט, אַז אויף יענער־צייל̇ע וואוינט מיינע אַ בעקאַנטע דאַמע, און נישט טראַכטענדיג לאַנג, האָב איך בעשלאָסען ווענדען זיך צו איהר נאָך הילף. איך בין, ווי אַ מזיק, אַרויפגעפלויגען אויף שמאָלע טרעפּ, דאַרף אָבער דער שטן פאָראויס פאַר מיר ברענגען עפּעס אַנ'אַלטע פרוי מיט אַ פּעקעל האָלץ.

כ'האָב זיך אָנגעהויבען פּלאָנטערן מיט די פיס, די אַלטשינקע האָט זיך, ניכר, געוועלט צואַיי־לען, האָט זי זיך פערטשעפּעט, און פּלוצלום האָבען גענומען פליהען האָלץ איבער די טרעפּ. איבערקומענדיג די שטרויכלונג אויך, האָב איך איבערגעלאָ־זען דעם מאַנטעל מיט'ן רעגען־שירעם אין פאָדער־צימער און בין אַריין צו דער בעל־הבית'טע פון הויז, דערצעהלט איהר וועגען אַלע מיינע צרות, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען און האָב געבעטען אַ נאָז־טיכעל. מ'האָט עס מיר זעהר פריינדליך גע־געבען, און איך האָב זיך שוין אָבגעזעגנט. אין דער זעלבער צייט איז אַרויסגעגאַנגען איהר צוועלף־יעהרי־גער בנ'אָק און נישט לאַנג געקלעהרט האָט ער מיט־גענומען מיין רעגען־שירעם.

כ'האָב נישט געוועלט איבעראַנייעס צוריק־קעהרען זיך און כ'האָב בעשלאָסען לייהען אַ רעגען־שירעם ביי אַנ'אַנדער בעקאַנטען, וואָרום אַזאַ רגילות

איז שוין בײַ מיר, וואָס פֿאַר אַ וועטער ס׳זאָל ניט זײַן, זאָל איך אַלע טאָג זײַן אין פּאַרק. כ׳בין שוין אַ שאָק מיט יאָהרען ניט געוועזן בײַ מײַן בעקאַנטען און דערום האָב איך צוגעגרייט אַ קליינע הקדמה. כ׳קלינג אָן און—שטעלט זיך פֿאָר מײַן שרעק!— דיעזער בעקאַנטער איז שוין לאַנג פֿון דאַנען אַרויס־געפֿאָהרען און מיר האָט געעפֿענט די טהיר עפּעס אַ שלים׳מזל׳דיגער פּאָעט־אָנפֿאַנגער, וועלכען כ׳האָב גלײַך דערקענט. אַז ער האָט עס מיר מיט אַ מאָנאַט צוריק געבראַכט צום דורכקוקען פֿינף און זעכציג שאַראַדען. ער איז, פֿערשטעהט זיך, גאָר ענטציקט געוועזן פֿון מײַן בעזוך: „אַך ס׳אַר אַ גאָלדענער מענש איהר זענט, וואָס איהר האָט זיך אַליין מטריח געוועזן צוליעב מיינע שאַראַדען! ביטטע געפֿעליגסט!״ כ׳בין געוועזן אין פֿערצווייפֿלונג. — „ענטשולדיגט״, — האָב איך געזאָגט — „כ׳בין אייגענטליך דערפֿאַר אַריינ־געגאַנגען, ווייל מיר איז געקומען אין זינען, ס׳אַר אַ טייערע שאַראַדע מ׳קען מאַכען פֿון דעם וואָרט „רעגען־שירעם״. איהר זענט דאָך עפּעס אַ מייסטער אויף דעם. דעריבער האָב איך בעשלאָ־סען צו טיילען זיך מיט אײַך און אײַך בעטען אויס־קלעהרען עפּעס אַ שאַראַדע פֿאַר אַ טעאַטראַלע צײַ־טונג״. זײַן פּנים האָט אָנגעהויבען שיינען פֿאַר פֿרייד.—„מיט פֿערגעניגען, מיט פֿערגעניגען!״

— יאָ, אַגב האָב איך אײַך געוועלט בעטען, איהר קענט מיר אפשר לייהען אַנ׳אמת׳ען רעגען־שירעם? בלויז נור אויף אַ שפּאַציר מאַכען אין פּאַרק״.

ער האָט מיר געבראַכט אַ שירעם, וואָס איז אַליין געוועזן עהנליך צו אַ שאַראַדע: די רייטע לײַ־ווענד, וואָס האָט זיך אויס געלער קנאה אָבגעזאָגט

פון איהר פריהערינגען קאַליר, איז געווען פערצויגען מיט עפּיס אַ שטריקעל. אַז כ'האָב איהם אויפגעעפענט אין גאַס, האָט דער עטוואָס רויטליכער בנין גע־האַט אַ פּנים פון חוזק. כ'האָב געוועלט איהם פונ-אַנדערעפענען, נור מיין אָנגעשטרענגטע ערוואַרטונג האָט זיך אָבגענאַרט, וואָרום, אום צו אונטערהאַלטען דעם שירעם, האָב איך געמוזט אַליין מאַכען אַ צוי-האַלטער פון צוויי פינגער אין דער רעכטער האַנד. אַז כ'פלעג קוקען אין דער הויך, האָט דאָס מיר אויסגערוכט, ווי אַ שפּיץ פון אַ אַסטראָנאָמישען טהו־רעם, וואָרום דורך לעכער און ריסען האָט מען גע־קענט, ווי דורך אַ טעלעסקאָפּ, בעטראַכטען דעם גאַנג פון אַלע גלגלים.

מיט גרויס מיה האָב איך זיך דערשלעפּט ביז אַראָג פון אַ גאַס. אַז כ'האָב פערקעהרט אויפ'ן ראָג, האָט דער ווינד גלייך די שליטה בעקומען איבער מיין רעגען־שירעם און האָט איהם גאָר אויסגעקעהרט אויפ'ן לינקען זייט. כ'האָב זיך מיט אַלע כחות אָנגע־חאַפּט אָן הענדטעל און אָט די, אומשטיינס געזאָגט, מאַכינאַציע האָט מיך געשלעפּט נאָך זיך, וואוהין ס'האָט איהר געגלוסט (וואַהרשיינליך, האָב איך און אַלץ מיט אַנאַנד געהאַט דאַמאָלס אַ פּנים פון אַ פּאַפּירענעם שלאַנג).

די קראַפט פון דעם ווינד, וואָס האָט זיך פער-פלאָנטערט אין דעם אייבערשטען לופט־באַלאָן פון שירעם, האָט אונז אַריינגעשלעפּט אין מיטען אַ טשע־רעדע אָקסען, וואָס מ'האָט אין דער צייט געטריבען אין שעכט־הויז; פערוואונדערטע פון אַזאַ ערשיינונג, האָבען די אָקסען מיט רעספּעקט אַ וואַרע געמאַכט און דורכ־געלאָזען אונז.

ביים אַריינגאַנג אין דער ערשט ר אַלעע פון פּאַרק האָב איך צונויפגעלעגט מיין פּאַראַסאָל. דער רעגען האָט ב"ה אויפגעהערט, און איך האָב אַראָב־גענומען די נאַסע ברילען, אום אָבצווישען זיי מיט'ן נאָז־טיכעל. מעשה שטן האָב איך אַנ'אונגעשיקטע בעוועגונג געמאַכט מיט די הענד, וואָס זענען מיר, ווי די קלעצער געוואָרען, און די רעכטע גלאָז דאַרף זיך צוברעכען אויף דריי שטיקער, טהוט אַ פאַל אויף דער ערד און צופליהט זיך אויף פיץ־פיצעלעך! וואָס ט'איר זאָגען אויף דעם אומגליק? לית ברירה, איז מיר אויסגעקומען ווייטער מאַכען מיין שפּאַציר שוין מיט איין גלאָז. אַז כ'פלעג דאַרפען אויף עפּעס אַ קוק טהון, פלעג איך מוזען דאָס רעכטע אויג צוזשמו־רען און אַזוי אַרום האָבען מיינע אייגען אויסגעזעהן, ווי אַ חצי־לבנה מיט אַ מקיף (—⌣)!

פאַרביי איז דורכגעפאָהרען אַנ'עקיפּאַזש. כ'האָב צוגעזשמורעט די אויגען, האָב דערקענט אַפּאָר בע־קאַנטע דאַמען און האָב זיי געגריסט; נור אין דער צייט האָט די קאַרעטע בעוויזען דורכצופאָהרען, און מיין גרוס איז גאָר אָנגעקומען אַנ'אַנדער עקיפּאַזש, וואָס איז געפאָהרען אַ הינטער מיט אונבעקאַנטע דאַ־מען. בעשערט אַנ'עגמת נפש: אין דער צייט, ווען די ערשטע צוויי דאַמען בעריידען אַודאַי מיך פאַר מיין אונהעפליכקייט, זענען די אַנדערע צוויי אַודאַי אין כעס אויף מיר און בעשולדיגען מיר נאָך פאַר מיין קריכען דאָרט, וואו מ'בעט מיך ניט. אַזאַ קאָמבי־נאַציע האָט מיך צולאַכט, נור אַזוי ווי אין דער זעלבער צייט איז דורכגעפאָהרען אַ דריטער עקיפּאַזש האָב איך מיט אַ גרויסען געלעכטער אָבגעקעהרט דאָס קאָפּ אין אַנ'אַנדער זייט; פּונקט אָבער אין דער

זעלבער רגע איז מי ענטקעגען געקומען אַ לאַנגער און אַ דאַרער פּאַרשוין וואָס איך וואָלט שווערען, אַז ס'איז פון די פּאָקים-מאַכער וואָס שלינגען שפּי־ זען. ער האָט דערזעהן מיין לאַכענדיגען פּנים מיט'ן צוגעזשמורעטען איוג. און אַזוי ווי כ'האָב אין דעם זעלבען מאָמענט צום אומגליק, אומגעקעהרט זיך, האָט זיך איהם אָבגעדוכט. אַז כ'האָב דאָס איהם בעטראַכט און מאַך יעַצט חוזק פון איהם, האָט ער זיך דערום צו מיר צוגעבונדען. כ'האָב בעדאַרפט דערצעהלען איהם די גאַנצע געשיכטע, דאַן ערשט האָט ער זיך פון מיר אָבגעטשעפּעט, האָט אויפגע־ פּראַלט אַביסעל אַגעלעכטער, אַז די בוימער זענען פערציטערט געוואָרען און האָט זיך געלאָזט גאָה ווייטער זיין וועג.

די לייטזעליגע השגחה האָט מיר צוגעשיקט אַ פריייען פוהריל, כ'שטעל איהם אָב און וויל זיך זעצען, נור שפּרינגענדיג, האָב איך זיך אַראָבגע־ גליטשט פון דעם נאַסען פוס-בענקעל און האָב צו־ בלוטיגט די קניה. קוים מיט צרות אַיינגעזעצט זיך.— „פּאָהר!" שריי איך צום פוהרמאַן. דער פוהרמאַן שמייסט מיט אַלע כּחות דעם פערד, נור אַזוי ווי דער ברוק איז זעהר גליטשיג, איז דער פערד אַנידערגעפאַלען און וויל ניט אויפשטעהן, חאָטש טהו זיך אַ מעשה אָן. אין אַ רגע האָבען זיך אַרום אונז אַרומגעקליבען אַ חאָפּטע קונדסים; עטליכע פוהרלייט זענען אונז געקומען צו הילף — נור ס'איז אַלץ בחנם. אונטער אַ גרויסען געלעכטער פון די קונדסים, בין איך אַראָב פון פוהר'ל מיט'ן גאַנצען באַגאַזש—דהיינו: די צובראָכענע ברילען, דער אויסגע־ קעהרטער רעגען-שירעם און די צובלוטיגטע קניה. מיט

דעם אַלעם האָב איך זיר נעלאָזט צופוס געהן אין האָטעל „דער ווייסער פערד״ וואו ס׳האָט זיך אָבגעשטעלט מיינער א גוטער פריינד. כ׳קלאַפּ אָן. „ווער איז דאָרט?״ „איך״.—„ענטשולדיגט, איך קען אייך נישט צונעהמען״.

כ׳בין אוועקגעגאַנגען, גענומען אַנ׳אַנדער „פוהר״ און קוים אַ לעבעדיגער דערשלעפּט זיך צוריק אַ היים.



Издательство Т-ВА „ХРОНОСЪ"

# крыта подписка на 1913 г. (3-й годъ изданія)

еженедѣльный общественно-политическій литературно-художественный и научный, **богато-иллюстрированный** журналъ, **инственный** въ Россіи еженедѣльникъ, издаваемый по программѣ „ТОЛСТЫХЪ" журналовъ.

ыход. при ближайшемъ участіи **ЛЬВА МОВИЧА**

# За 7 дней

Культурныя цѣли, преслѣдуемыя журналомъ „**За дней**", и его выдержанное демократическое направленіе достаточно выявились за истекшіе два да нашей дѣятельности и изнаны какъ читателями, къ и всей прогрессивной ессой; согласно своей ограммѣ, „**За 7 дней**" держитъ въ кажд. № слѣющ. постоянн. отдѣлы:
**алендарь текущей исторіи.**

2. **За 7 дней** (Характеристика историч. и политич. момента въ сжатой формѣ).
3. **Литература и критика.** (Два разсказа русск. и иностраи. авторовъ;критическій очеркъ; литер. хроника).
4. **Общественный отдѣлъ.** (Постоянная руководящ, статья „Основныя линіи прсгресса"; обществ. хроника).
5. **Отдѣлъ искусства.** (Богато-иллюстр. монографія,посвящ. отдѣльному художнику или скульптору; жизнь искусства въ Россіи и Европѣ; театръ и музыка; хроника)
6. **Научный отдѣлъ.** (Статья по вопросамъ науки или техн.; науч. хроникаи иллюстраціи).

## Въ 1913 году подписчики получатъ:

**№№** роскошно-иллюстр. и художественно-отпечатаннаго журнала „За 7 дней" (ок. 1300 стр. большого формата и свыше 1000 иллюстр.)

**репродукцій** съ кар. великихъ мастеровъ отпечат. на отдѣльн. листахъ **въ 4 краски**

**ВЫПУСКА** „**Библіотеки Хроносъ**"—содерж. новѣйшія произвед. русск. и иностран. авт. (ок. 1700 стр., свыше 100 печатныхъ лист.), что даетъ подчикамъ „За 7 дней" возможность составить себѣ цѣнную библіотеку современной литературы.

**КНИГЪ,** изящно отпечатан. четкимъ шрифтомъ по 160 стр. обычнаго формата (10 печ. листовъ каждая); всегоо коло 4200 страницъ текста—260 печатныхъ товъ,—въ составъ которыхъ войдутъ:

**книгъ „Міровая муза"** Сост. Серг. Городецкимъ.

Антологія современной поэзіи въ переводахъ лучшихъ скихъ поэтовъ, съ портретами и критико-біограф. очеркомъ каждомъ поэтѣ. „Міровая муза" охватитъ всю эволюцію поэначиная отъ 80-хъ годовъ прошлаго столѣтія до сегодня-

шняго дня и въ избр. образцахъ представитъ слѣд. соврем. эзію: 1) французскую, 2) англо-американ., 3) нѣмецкую, 4) ск динавскую, 5) итальяно-испанскую, 6) славянскую, и 7) р скую. Ок. 1200 стран. текста (70 печ. лист.) и свыше 100 п третовъ.

## 3 кн. „Аполлонъ“—всеобщая исторія искусств

члена фран. акад. и проф. Луврской Высш. школы С. Рейна Этотъ капитальный трудъ извѣстнаго французск. ученаго, писанный блестящимъ языкомъ. выдержалъ во Франціи въ роткое время 6 изданій; въ Россіи появляется впервые. Ок. стран. текста (30 печ. листовъ) и свыше 600 репродукцій.

## 5 кн. „Орфей“ — Всеобщая исторія рел. ак. С. РЕЙНА пер. под. ред. ак. гр. И. И. ТОЛСТО

Право перевода (съ посл. 11 изд.) на русскій яз. этого тал тливаго труда, выдѣляющ. среди всей европ., литературы исторіи религій, какъ глубиной раціоналистич. мысли, так ясн. и притомъ доступн. изложенія, пріобрѣтенъ изд-ствомъ исключ. собств.

## 5 кн. Филос. жизни-„Энергетич. императив

ВИЛЬГЕЛЬМА ОСТВАЛЬДА. Только что вышедшая книга з менитаго естествоиспытателя философа, вождя монистическ движенія и основателя школы натуръ-филос.; при всей глуби и оригин. мысли, написана живымъ и яснымъ яз. и осв свѣтомъ новаго міровоззр. явленія обществ. и нравствен жизни; книга эта появляется на русскомъ яз. впервые. 800 стр текста (50 печ. лист.).

## 2 кн. „Совр. русскіе писатели“ М. Невѣдомскаго 2 крит.-біог. справо

Свыше 300 стр. текста (20 печ. лист.) и ок. 100 портретов

## 4 книги „До прихода врача“ Справочная книга д семьи и школы: ана

мія, физіологія, гигіена, уходъ за ребенкомъ 640 стр. текста (40 печ. лист.) съ табл. иллюстр. и разнообр. модель Общая стоимость всѣхъ прилож., получ. безпл. подписчика „За 7 дней“—24 р. 20 к.

**ПОДПИСНАЯ ЦѢНА журн. „За 7 дней“**

**СО ВСѢМИ ПРИЛОЖЕНІЯМИ на го**

**7 р.** Съ дос. и перес. **6 р.** Безъ пер.

За границу 10 р.

| Разсрочка: | При подп. | къ 1-му Марта | къ 1-му Апр. | къ 1-му Мая | къ 1- Іюл |
|---|---|---|---|---|---|
| Въ 3 ср. | 3 р. | — | 2 р. | — | 2 |
| Въ 4 ср. | 2 р. | 2 р. | — | 2 р. | 1 |

Лицамъ, выславшимъ до 1 января 1913 г. годовую плату полност высылается безплатно по ихъ выбору одинъ изъ слѣд. вы „Художественной Библіотеки“ изд. т-ва „Хроносъ“ въ изящ перепл.; 1) Сѣровъ. 2) Израэльсъ, 3) Менье, 4) Лермансъ, Россети, 6) Христосъ въ искусствѣ. Цѣна кажд. вып. въ о прод. 1 р.

При подпискѣ указать 2—3 вып. на случай замѣны распр данныхъ другими.

Адресовать Гл. конт. „За 7 дней“ СПБ., КОЛОКОЛЬНАЯ 9.



## Виленское отдѣленіе
## Русско-Американской линіи
### Русскаго Восточно-Азіатскаго Пароходства.

י רוסיש=אמעריקאנישע ליניע פון דער רוסיש=מזרח=
זיאטישע שיפס=קאמפ. איז די איינציגע דירעקט.
ליניע צווישען ליבאווע, ניו=יארק און האליפאקסע

## אהן פערעסאדקעס.

ייסער די שנעלפאָהרט ויינען די דאַמפפער אַיינגעריכטעט
יט אַלען קאָמפאָרט און בעקוועמליכקייט פאַר די פאַסאַזש.
פון אַלע קלאַסען.

רייזע פון ליבאַווע נאָך ניו=יאָרק און האליפאקס ווערט געמאַכט
אויף די ערשט=קלאַסיגע פאָסט-דאַמפפער

## צאר, קורסק, ראססיא, בירמא

עלכע געהען אָב רעגולער אַלע צוויי וואָכען יעדען דינסטאָג.

## יי רייזע מיט'ן וואסער דויערט צירקא 10 טעג.

עגען אַלע איינצעלהייט. בעטען מיר זיך ווענדען מונדליך אָדער שריפטל

**ВИЛЬНА, Конная ул. № 4, у острыхъ воротъ, тел. 1063**

Адресъ главной конторы: **ЛИБАВА, Кургаузскій пр. соб.**

אדרעס:

Н. и Л. Бабицкимъ, Вильна, почт. ящ. № 86.

N. & L. Babitzky, Wilna, Postfach, № 86.

דרוקעריי ב. א. קלעצקין, ווילנא, קליין־סטעפאַן גאַס אייגענע הויז.